# ספר - זכרון

## דקהילה קדושה

# ציעשינאוו

הוצאת „ארגון יוצאי ציעשינאוו" בישראל

המחבר והעורך: ד"ר דוד רביד, תל־אביב

תל־אביב, טבת תש"ל




עבודת־יד ומתנת הצייר מר יעקב גרבל ורעיתו שושנה לבית שמוקלר

# „לבוא אל הקודש פנימה"

כך קראו לזה הראשונים בצדק, כי לא בלי חרדת קודש נגשנו לדבר מצווה זו. המעמסה הכבדה של הוצאת הספר הוטלה על שכמי, ואני נושא אותה באהבה ומושך בעול במסירות מתוך הכרת האחריות הקדושה שלקחתי עלי.

מלבד המעמסה החומרית העמיסו עלי גם את הרוחנית ועשר ידות לי גם בפירוש ובעריכה, אין דבר בעריכה ובפירוש שלא יעבור תחת ידי ורוח הבקורת שלי.

השתדלתי בכל כוחותי ולמעלה מכוחותי לזכות את הרבים, עשיתי לילות כימים כדי לבצע ולהעמיד מצבה רוחנית זו בצורה אסטתית, שתהיה ראויה להנצחת קדושינו קהילת ציעשינאוו אשר מסרו את נפשם על קדושת השם, העם והמדינה.

עמלתי הרבה, עבדתי עבודת נמלים, לא חשכתי כל עמל ויגיעה למצוא ידיעות מאירועים בהקשר עם עברם העשיר של היהודים בעירנו.

רשמתי כל פרט, צברתי ואספתי כל סיפור, יגעתי ומצאתי אמנם מעט חומר אבל חשוב ממקורות נאמנים, אף על פי שידוע גם ידוע לי כי החומר הנאסף אינו מספיק לתת ציור שלם ותמונה מקיפה על קורות קהילתנו.

בכל זאת יש לי סיפוק-נפש והרגעה מצפונית במה שעשיתי יותר מרוחי וכשרוני — למלאות חובתי כלפי בני עדתי, ועל כל פנים — חושבני שהנחתי את היסוד להנציח את העבר המפואר של אנשי ציעשינאוו אשר עזבו אותנו לנצח.

קהילת ציעשינאוו היתה אחת הטבעות בשרשרת-הזהב של תקופת חיי יהודי גליציה, אשר היתה כידוע — סלתה ושמנה של יהדות אירופה, שהיו לדוגמה ולמופת לכל בני הגולה במשך מאות בשנים עד לשנים הארורות תרצ"ט—תש"ה.

קהילת ציעשינאוו לא היתה אמנם בין הקהילות המפורסמות, לא עיר ואם בישראל, גאונים ופרנסי-ציבור ידועי-שם לא יצאו ממנה, קורותיה לא נרשמו ולא סופרו לדורות, אולם היא תרמה את תרומתה הצנועה במערכות החיים היהודיים בתקופות השונות, ומקומה לא נעדר בסערות-החיים שעברו על יהדות גליציה, והיא אף נתנה את חלקה לתנועות הציבוריות שכבשו את בית ישראל.

ציעשינאוו היתה עיירה יהודית טיפוסית, עיר של חסידים, ת"ח ואדמורי"ם, ששמרה על צביונה הדתי-החסידי, עד שהגיעו גם אליה גלי התנועה הלאומית.

אחרי מלחמת העולם הראשונה, לא יכלו עוד שליטי הקהילה לעצור בעד ההתפתחות ולהתגבר על השפעת התקופה החדשה.

תרומה ניכרת לשינוי צביון העיירה בכיוון לאומי, תרמו דווקא הבנים והבנות ממשפחות החסידים ותלמידי-החכמים.

אחד התפקידים החשובים שלנו היה, לעורר בנוער המתבגר את רגש הרציפות ההיסטורית היהודית ואת החובה לעבוד למען העם היהודי, ועם זאת לטפח את הרגשת הקשר אם האנושות כולה ולהלחם על האידיאל הציוני הלאומי והדתי.

התנועה הלאומית הכניסה מהפכה רוחנית בקרב שורות הנוער; במקום לבלות את הזמן אך ורק בד' אמות כותלי בית המדרש ולהנזר מחיי המעשה, התמסרנו — אחרי שהוחדרה בנו ההשפעה הלאומית, ללימודים ולטיפוח ההכרה הציונית יחד עם ההכרה הדתית. המוטו שלנו היה — אותו התנאי האומר „אם אין תורה אין קמח", אומר גם „אם אין קמח אין תורה". כלומר, קמח ותורה משמשים אותנו בצוותא.

אחרי שנתבקשתי לתכנן בניית המצבה הרוחנית לזכר אחינו ואחיותינו נשמתם בגן עדן אשר נפלו חלל בזמן השואה, היה הדבר הראשון אשר מצאתי לנכון לעשות — לחלק את החומר הרוחני לשלושה חלקים: ארגוני, היסטורי וכללי.

לפי דעתי — חלוקה זאת היא הגיונית, ובכל זאת אין ספק בלבי שחלק מהציבור יבעט בי על דא ועל הא, אולם בלית ברירה מקבל אנוכי על עצמי את יסורי הבקורת באהבה ולא אתרגש:

אם אשמע באזני
ואדע בוודאי,
שאדם פלוני
התכבד בקלוני,
בעט בדברי —
אומר, סלחתי —
כי לכך נוצרתי.

כשנחום סוקולוב ז"ל בכשרונו הרבגוני, הבקיא ורגיל בכל החכמות אם בעברית ואם בשאר לשונות, תלמיד-חכם בתורות ישראל ובתורות אומות העולם, הסופר הגאוני והעילוי שמעטים כמותו, שלח מאמר לעורך „הצפירה", זכה בשולי אחד הגליונות של העתון לתשובת העורך: „לא מצאתי בו דבר להדפים".

הטעם שהבאתי סיפור זה בהתחלת המאמרים המודפסים להלן, הוא שאין לדעת, יתכן שהדורות הבאים ואולי גם דורנו אנו, יביטו עלינו בעינים של הערצה ויביעו לנו תודה עבור המצבה הספרותית אשר אנו מעמידים לזכר גבורינו שנפלו חרב על קידוש השם בידי הרוצחים הגרמנים ושותפיהם האוקראינים והפולנים ימ"ש.

אלהים שבשמים, תזכור את הנשמות הטהורות לטובה, עם שאר צדיקי עולם, ונקום נקמת דם עמך השפוך.

**ד"ר דוד רביד**

# א פאַרוואָרט צום דערשײַנען פֿונעם ספֿר הזכּרון

אַ געפֿיל פֿון התעוררות הנפֿש, אַ געפֿיל פֿון הייליקייט האָט אונדז אַרומגענומען בעת מיר זענען צוגעטרעטן אַרויסצוגעבן דאָס יזכּור בוך צום אייביקן אָנדענקען פֿון די ציעשינאָווער יידן וועלכע זענען גרויזאַם פֿאַרטיליקט געוואָרן פֿון די טמאידיקע נאַציסטישע הענט מיט הילף פֿון זייערע בעסטיאַלישע שותּפֿים אין די יאָרן תּרצ״ט — תּש״ה.

עס זענען שוין זייט דאַמאָלס פֿאַרלאָפֿן יאָרן, אָבער די שטימע פֿון דעם פֿאַרגאָסענעם בלוט האָט גערופֿן און רופֿט פֿון די ברידער קבֿרים און מאָנט פֿון אונדז אויפֿצישטעלן אַ מצבֿה צום זכּר פֿון זייערע אומגעקומענע טײַערע און הייליקע לעבנס.

מיר האָבן זיך געראַנגלט מיט פֿאַרשידענע שוועריקייטן ווייל ציעשינאָוו אַלס יונגע שטאָט איז נישט געבענטשט געוועזן מיט היסטאָריש־מאָנאָגראַפֿישע דאָקומענטן, און דאָס ביסל וואָס איז געוועזן איז פֿאַרלוירן געגאַנגען.

מיר האָבן געמאַכט אַלע אָנשטרענגונגען צו זאַמלען דעם פֿאַרבליבענעם מאַטעריאַל, אויך האָבן מיר זיך באַמיט אונצירעגן פּערזאָנען וועלכע זענען אין פֿאַרגאַנגענהייט געוועזן אַקטיוו אינעם יידישן געזעלשאַפֿטלעכן לעבן אין אונזער שטעטל, צו דערציילן זייערע זכרונות, און אַזוי איז געשאַפֿן געוואָרן דאָס בוך.

אין זײַנע קאַפּיטלען איז פֿאַרוועבט די נשמה פֿון דעם פֿאָלקסטימליכן־וואָרצילדיקן באַזעלטן יידנטום, אויף זײַן תּמימיסדיקער מסירות־נפֿש גרייטקייט און גראָדליניקייט, אויף זײַן פֿריידן און ליידן און אומגליק און אומקום.

פֿון קאָמערציעלן, פֿינאַנסיעלן און אויך פֿון דער טעכנישער זייט, האָבן מיר נישט געקענט נאָכקומען אַלע פֿאַרלאַנגען פֿונעם בכּבֿודיקן ציבור.

מיר האָבן פֿאַרעפֿנטליך צוויי רשימות:

א) אַ רשימה פֿון אַלע אין ציעשינאָוו זייט געדענקען אנזעסיקע פֿאַמיליעס.

ב) אַ רשימה פֿון איינצלנע פּערזאָנען, וועלכע זייערע קרובֿים האָבן אונדז צוגעשיקט די נעמען; און די נעמען וועלכע ערשײַנען נישט אין בוך, זענען פֿאַראַנטוואָרטלעך די מענטשן, וועלכע האָבן וועגן פֿאַרנאַכלעסיקייט אָדער גרינגשעצינג, אונדז די נעמען פֿון זייערע קרובֿים נישט איבערגעגעבן.

פֿיל בילדער זענען איבערהויפּט נישט געוועזן דרוקפֿעהיק, און פֿיל זענען פֿון דער דרוקמאַשין פֿאַרשמירט געוואָרן, מיר האָבן געמוזט זיי אַרויסציען פֿונעם ספֿר, אויך האָבן אויף אונדז געדריקט די גרויסע הוצאות וועלכע מיר האָבן אַבסאָלוט נישט געקענט נאָכקימען.

פֿון די פֿילע בילדער וועלכע זענען יאָ גוט אַרויסגעקומען קוקן אַראָפּ צו אונדז די ליכטיקע פּנימער פֿון טאַטעס, מאַמעס און קינדער וועלכע ביז צו זייער פֿאַרניכטונג האָבן געטראָגן אין זייערע הערצער — יעדער אויף זײַן שטייגער — דעם חלום פֿון זײַן אייגענע באַפֿרייאונג און אויך — דעם צווייטוויזענט יעריקן חלום פֿון שיבֿת ציון.

אָנערקענונג דריקן מיר אויס אונזערע בני העיר אין ישׂראל און אין חוץ לאָרץ, באַזונדערן דאַנק ר׳ בערל קעניג פֿון אַנטווערפּן, וועלכער האָט אונדז צוזאַמען מיט זײַן שוועגרן לאה, געהאָלפֿן מיט זייער גרויסע שפּענדע אַרויסצוגעבן דאָס בוך.

**ד״ר דוד רבֿיד**

# און אזוי האט עס זיך אנגעהויבן...

פאַר בערך 8—6 יאָר צוריק, האָבן מיר בעת אַ 'אזכרה' פאַר אונזערע קדושים אַרויסגעבראַכט דעם געדאַנק, אַז מיר, דער שארית-הפליטה פון אונזער שטעטל ציעשינאָוו וועלכע געפינען זיך אין ישראל, דאַרפן זיך בעמיען אַרויסצוגעבן אַ "ספר זכרון" צום אייביקן אָנדענקן פאַר אונזערע, דאַרך די אייראָפּעישע רשעים אומגעבראַכטע ציעשינאָווער מענשן.

איך און אויך אַלע אַנדערע חברים פונם דאַמאָלדיקן ועד האָבן געבעטן אונזער ציבור:

א) מען זאָל באַלד אונז אַריינשיקן בילדער פון יעדער אַרט, וועלכע האָבן אַ שייכות מיט אונזער שטאָט.

ב) צו שרייבן — ביאָגראַפיעס, פּאַסירונגען, ליידן און פריידן פון דער צייט ווען אונזער חרוב געוואָרענע שטאָט האָט נאָך עקזיסטירט.

ג) שפּענדן אויף הוצאות צום דריקן פונם 'ספר'.

מיר האָבן געוואַרט לאַנגע יאָרן, און קיין איינציקער מענש האָט זיך נישט אָפּגערופן אויף אונזער פאַרלאַנג.

אָבער ווי געזאָגט — דער דאָזיקער רעיון האָט מיר די גאַנצע צייט געעגבערט מיין מוח, און מיר נישט געגעבן קיין מנוחה.

איך האָב געפילט די גאַנצע צייט אַ נשמה דראַנג, אַזוי ווי עפּיס אַ מין הייליקן חוב, און עס האָט זיך מיר געדאַכט, אַז אויף מיר האָט די השגחה העליונה אַרויפגעלייגט די מצווה פון אויפצישטעלן די גייסטיקע מצבה פאַר אונזערע טייערע און הייליקע געפאַלענע.

אין דער ערשטער צייט, האָב איך מיט מיר אַליין געראַנגלט, און מיך אַליין געפרעגט — פאַרוואָס דווקא דו? פאַרוואָס ביזט דו פאַראַנטוואָרטליכער פאַר די קומענדיקע דורות — מעהר ווי עמיצער אַנדערש?

אַלעס איז אַ באַשטימטע זאַך און אַלעס איז מן השמים.

אין אַ געוויסן שבת נאָכמיטוק, לערן איך מיר די 'פּרקי-אבות', און צווישען אַנדערע הערליכע חכמתדיקע געדאַנקן פון דעם גרויסן 'אַלטן-הלל', לערן איך אויך דעם באַקאַנטן געדאַנק 'במקום שאין אנשים, השתדל להיות איש' (אבות, ב.), דאָס הייסט אויף פשוט מאַמע לשון:

'דאָרט ווי מענשן זענען נישט פאַרהאַנען, בעמי דיך צו זיין — **דער מענש**'.
און אַזוי איז ביי מיר באַשלאָסן געוואָרן דער געדאַנק פונם
'ספר—זכרון'.

דער שרייבער פון די דאָזיקע שורות אויף וועלכן אונזער געזעלשאַפט מיט אונזער ועד בראש האָט אַרויף געלייגט, און אים באַלאַסטעט מיט אַחריות, מיט טאַט און מיט יצירה, איז געוואָרן דער צענטראַלער כוח ביי דער שאַפונג פונם ספר.

עס איז נאַטירלעך, אַז אין אַזאַ גיגאַנטישער אַרבעט, וועלן אויך געמאַכט פעלערן, אויך איז באַקאַנט אַז עס איז נאָך נישט געבוירן דער מענטש וועלכער זאָל נישט מאַכן פעלערן.

מיין טרייסט איז אָבער — מען זאָגט אַ יידיש ווערטל:

„אַז מען מאַכט פעלערן, איז אַ סימן אַז מען האָט געאַרבעט".

איך האָב באַלד צו מיר פאַרבעטן די חברים וועלכע זענען אונטערגעשריבן אונטער די כרוזים צו אונזערע לאַנדסלייט, און נישט פיל טראַכטענדיק האָבן מיר אין דער דאָזיקער נאַכט באַשלאָסן צו ציטרעטן צו דער אַרבייט, און עס מוז געזאָגט ווערן צו אונזער אַלעמענס כבוד, אַז מיר האָבן באַלד מצליח געווען אין אונזער שווערע אָבער הייליקע אויפגאַבע.

טאַקי מיר אַליין — די חברים פונם ועד האָבן זיך תיכף ומיד מתחייב געווען און באַלד אויפן אָרט איינגעצאָלט צו 100 פונט, אַזוי אַז עס איז אויפן אָרט געלייגט געוואָרן דער פונדאַמענט פאַר די גרויסע הוצאות וועלכע דאָס 'ספר' האָט אין זיך אריינגעזאַפּט.

יעדער פון אונזערע חברים פונם ועד האָט באַקומען זיין אַרבייט, מיר האָבן זיך באַלד געווענדעט צו אונזערע לאַנדסלייט אין ישראל און אויך אין חוץ לארץ.

דאָס זענען די דריי אויפריפע צו אונזער ציבור, אַלע זענען פאַרפאַסט איןביידע שפּראַכן, עברית — יידיש.

אויפרוף נומער 1.

**ארגון יוצאי ציעשינאָוו והסביבה בישראל**

ב"ה, תל־אביב ניסן תשכ"ט          אפריל 1969

אנו מתכבדים להודיעכם, שהוועד החליט להוציא לאור „ספר־זכרון" להנצחת קדושי עירנו. הננו פונים בזה לבני עירנו בבקשה:

1) להעביר אלינו תמונות בודדות או משפחתיות מאנשי עירנו הנעדרים וגם מאלה שנשארו לפליטה עד מאה ועשרים.

2) למסור לידינו מכתבים, סיפורים מהעבר, אירועים מלפני המלחמה.

3) הספר יצא לאור בשתי השפות (עברית — יידיש).

4) החומר שיתקבל באחת משתי השפות, יעבור ליטוש ספרותי, בלי להמעיט את ערכו ותוכנו. באפשרותך גם להנציח בספר את שמך, משפחתך, מכריך וידידיך. הוועד פונה לכבודו לעזור לנו, כדי שנוכל לבצע עבודת־קודש זו.

אנו זקוקים לחומר ולתרומה נאותה; הוצאות ההדפסה עם התמונות, יעלו עד עשרת אלפים לירות.

את החומר והתרומות אפשר להעביר לידי אחד מאנשי הוועד החתומים מטה.

נציין בזה שאחרי הדפסת הספר, יקבל כל אחד בחזרה את התמונות האוריגינליות, נוסף לעותק אחד של „ספר־זכרון".

בכבוד רב

**ה ו ו ע ד**

**1) גלנצר צבי אלימלך, רמת־גן, התקוה 1**
**2) טפר שמואל זיינבל, תל־אביב, רח' חובבי ציון 31**
**3) ליברמן שמואל, בני־ברק, רח' לוי יצחק 7**
**4) לנגנטל דוד, בני־ברק, רח' בעש"ט 30**
**5) פרידמן בן־ציון, בני־ברק, רח' יהושע 14**
**6) ד"ר רביד (שמוקלר) דוד, תל־אביב, דרך השלום 95 (משרד הארגון)**
**7) שמיד סנדר, בת־ים, רח' פרלשטין 31**

**ת ר מ ו ל ק ר ן ה ס פ ר !**

**פאַרבאַנד פון ציעשינאָווער לאַנדסלייט און אומגעגנד**

**אין ישראל**

ב"ה, תל־אביב ניסן תשכ"ט
אפריל 1969

ליבער חבר־ה !

מיר בעערן זיך אייך מיטצוטיילן, אַז דער ועד פון אונזער לאַנדסמאַנשאַפט אין ישראל, האָט באַשלאָסן צו פאַרעפנטלעכן אַ „ספר־זכרון" פאַר די קדושים פון אונדזער שטאָט און אומגעגנד.

**מיר ברויכן אייער מיטהילף**

1) שיקט אונדז בילדער פאַרשידענע, פון פאַרשטאָרבענע און אויך פון אונדזערע לעבענגעבליבענע ביז הונדערט און צוואַנציק.

2) בריף, דערציילונגען, פּאַסירונגען פון פאַר דעם קריג.

3) דער „ספר" וועט דערשיינען אין עברית און אויך אין יידיש, און אין אַ פראַכטבאַנד און אין וועלכן אַ יעדער קען פאַראייביקן זיין אייגענעם נאָמען, פון זיין משפחה, פריינד און באַקאַנטע.

4) אייער מאַטעריאַל קענט איר שיקן אויך אין יידיש.

מיר ווענדן זיך צו אייך — אונדז צו העלפן אין אונדזער הייליקער ארבעט מיט מאַטעריאַל און אַן ענטשפּרעכנדע געלדשפּענדע. מיר באַמערקן — די אויסגאַבן זענען באַרעכנט אויף צירקא 10 טויזנט פונט.

נאָכן אָפּדרוקן פונעם „ספר", וועט יעדער צוריקבאַקומען זיינע אָריגינעלע בילדער און אויך אַ ספר.

דעם מאַטעריאַל און געלטשפּענדע קענט איר שיקן צו איינעם פון די אונטן אונטערגעשריבענע חברים וועלכע געהערן צום ועד.

מיט חברשן גרוס
**דער ועד**

1) **גלאַנצער הירש מלך, רמת־גן, רח' התקוה 1**
2) **טעפּער שמואל זיינבל, תל־אביב, רח' חובבי ציון 31**
3) **ליבערמאַן שמואל, בני־ברק, רח' לוי יצחק 7**
4) **לאַנגענטאַל דוד, בני־ברק, רח' בעש"ט 30**
5) **פרידמאַן בן ציון, בני־ברק, רח' יהושע 14**
6) **ד"ר רביד (שמוקלער) דוד, תל־אביב, דרך השלום 95 (פאַרבאַנדס קאַנצליי)**
7) **שמיר סענדער, בת־ים, רח' פרלשטין 31**

**ש פ ע נ ד ע ט  פ אַ ר  ד ע ם  ס פ ר !**

אויפרוף נומער 2.

**ארגון יוצאי ציעשינאוו בישראל**

**ב"ה, תל-אביב סיון תשכ"ט.**
מאי 1966

לחבר—ה שלומות רבים!

פעם נוספת אנו מרשים לעצמנו לפנות לכבודו-ה בבקשה כדלהלן: הוועד החליט למסור בעוד חודש ימים לבית דפוס את החומר הספרותי והתמונות הנמצאות בידיו.

כפי שאנו מקווים, ייצא הספר לאור תוך שלושה שבועות; אם עד ה-15 ביולי ש.ז. לא נקבל מכבודו-ה תשובה חיובית, כלומר **תמונה מקרוביו והתרומה,** סימן שסרב-ת לשתף פעולה במצווה זו.

במקרה זה מסירים אנו מעצמנו את האחריות, ומתרים שלא יהיו אחרי המעשה טענה או פתחון פה שלא הזהרנו על כך.

אנשי עירנו שלא ישתתפו במבצע זה, יצטערו בוודאי על אי הופעת משפחותיהם בספר „זכר", לא תמונה מיקיריהם ולא סיפור על מעשיהם הטובים, ובעיקר — **שלא יקנאו אחרי הכל באלה,** אשר תמונותהם ודברי הספד על משפחותיהם יפורסמו בספר לזכרון עולם.

כדאי לציין שהספר יהיה מעוטר בעיטורים אמנותיים, באותיות שמנות בעברית וביידיש ובכריכה נהדרת.

אז איהר וועט אונז נישט ביז דעם 15 יולי ד.י. צו שיקן אַ בילד און דעם ביטראַג פאַר די דרוק אויסגאַבן צום ספר, איז אַ סימן — אַז איהר זאָגט זיך אָפּ פון די באַטייליקונג אין דער דאָזיקער מצווה.

מיר נעהמען פון אונז אַראָפּ יעדער פאַראַנטוואָרטונג, איהר זאָלט שפּעטער נישט האָבן טענות צום ועד אַז מען האָט אייך נישט געוואָרנט.

איהר זאָלט אויך שפּעטער נישט מקנא זיין די דאָזיקע מענשן וועלכע וועלן יאָ ערשיינען אינם ספר צו עהרען פון זייערע משפחות אויף אייביקע צייטן.

בכבוד רב
בשם הועד
**דר. דוד רביד יו"ר      טפר שמואל ז. המזכיר**

חברי הוועד

**גלנצר צבי אלימלך**
**טפר שמואל זיינבל**
**לנגנטל דוד**
**ליברמן שמואל**
**פרידמן בן ציון**
**רביד דר. דוד**
**שמיר סנדר**

אויפרוף נומער 3.

ב"ה תל-אביב סיון תשכ"ט

לחבר/ה!

נא להעביר אלי מיד את שמות הנפטרים בזמן השואה, אשר כבודו/ה מעונין/ת להנציח בספר זכרון.

שיקט מיר ביטע זאָפאָרט די נעמען פון אייערע משפחה אומגעקומענע אין דער צייט פון דער שואה, וועלכע איהר ווילט פאַראייביקן אין ספר הזכרון.

**דער ועד**

אויף די דריי אויפריפע האָבן זיך אין די ערשטע צייט אָפּגערופן 2—3 לאַנדסלייט, באַלד האָבן זיך אונגעשלאָסן, אָפּגעזועען פון אייניקע אופּטריניקע, כמעט אלע ציעשינאָווער פון ישראל און אויך פון חוץ לארץ, מיט פיל אָנערקענונג און ברכות פאַר יעדן באַזונדער און פאַר די חברים פונם ועד בפרט, און מיט הארץ און דאנקבארקייט צו געשיקט די תרומות, פיל האָבן אויך געשריבן מאמרים, וועלכע זענען אינם ספר פאַרעפנטליך געוואָרן.

א האַרציקן דאַנק פאַר די חברים פונם ועד:

ר' צבי אלימלך גלנצר
ר' שמואל ז. טפר
ר' שמואל ליברמן
ר' דוד לנגנטל
ר' בן ציון פרידמן
ר' סנדר שמיד

פאַר זייער האַרציקע איבערגעגעבענקייט און פאַר זייער מיטהילף צום אויפשטעלן די דאָזיקע גייסטיקע מצבה.

אין מיין אייגענעם נאָמען און אינם נאָמען פונם ועד, דאַנקען מיר אייך ליבע לאַנדסלייט פאַר אייער פאַרטרויען צו אונז, און מיר ווינשן אייך און אייערע משפחות לאנגלעבן, נחת פון קינדער, שלום אויף אייך און שלום אויף אונזער טייערע מדינת ישראל.

**ד"ר דוד רביד**

**חברי הוועד**





מימין לשמאל: ר' שמואל ז. טפר, ד"ר דוד רביד, ר' דוד לנגנטל.
בשורה שניה: ר' סנדר שמיד, בן ציון פרידמן, ר' שמואל ליברמן,
ר' צבי אלימלך גלנצר.

**חברי הוועד — ארגון יוצאי ציעשינאוו לשעבר**
**ב י ש ר א ל**



מימין לשמאל: ר' דוד לנגנטל נ"י; ר' שמואל טפר נ"י; דר. דוד רביד נ"י יו"ר, נואם; ר' ליב גלר ע"ה; ר' שמואל ליברמן נ"י.

**ר' דב קניג**



ר' דב קניג מאנטוורפן, יליד ציעשינאוו, בנו של ר' משה, ז"ל הפריש מהונו תרומה ניכרת ועל ידי כך, איפשר לנו להוציא לאור את הספר הזה.

השוכן בשחקים יגמול לו שכרו בזה ובבא.

ארגון יוצאי ציעשינאוו בישראל

# למחבר „ספר־הזכרון״ ציעשינאוו!

לכבוד חברי וידידי היו״ר והעורך של „ספר־הזכרון״ ציעשינאוו ד״ר דוד רביד (שמוקלר), חברינו ובן־עירנו שליט״א.

תפקיד עריכת הספר נמסר לידיך הנאמנות, ועליך נאמר הפסוק „כל ימי גדלתי בין החכמים והייתי מתאבק בעפר רגליהם״, אשר הוכחת את כוחך כאמן הסגנון העברי הן ביצירה המקורית והן בעריכת „ילקוט ציעשינאוו״.

ידידי וחברי ד״ר דוד רביד נ״י,

אתה בן למשפחת שמוקלר המיוחסת, תלמיד חכם מובהק, קבלת חינוך תורני ומסורתי, בימי נעוריך למדת תורה בהתלהבות, ושמך יצא לתהלה ולתפארת. ספגת תורה ויראה מפי האדמו״ר הרב שמחה יששכר הלברשטאם מציעשינאוו זצלה״ה וכמו״כ שאבת את תורתך מפי הלמדן הנודע רבי זלמן לרר ז״ל, בציעשינאוו, ובפרוץ מלחמת העולם הראשונה עברת עם כל המשפחה לווינה ושם המשכת בלימודי חול בגימנזיות ובאוניברסיטאות; בידיעותיך ובכשרונותיך הנפלאים זכית לקבל את תואר ד״ר בווינה. אחרי שחזרת לעירנו — המשכת לעסוק בצורכי ציבור ובפעולות חברתיות־תרבותיות, וכן בדבר הושטת עזרה להצלחת מפעל „ספר זכרון ציעשינאוו בישראל״.

בתור חבר הוועד אני מביע רחשי־תודה והערכה לכל אלה שסייעו בידים, במס ובמעש, להגשים את תוכנית ההנצחה.

**שמואל ש. ליברמן**

חבר הוועד



ר׳ צבי אלימלך גלנצר שליט״א, בעת נאומו ביום השואה בשנת תשכ״ו בתל-אביב

# חיי היהודים עד ימי מלחמת העולם הראשונה בציעשינאוו

ציעשינאוו, הפינה הנידחת בקצה הגבול של אוסטריה—הונגריה ורוסיה הצארית, היתה סגורה ומסוגרת בתוכה.

לא היתה לה תחנת רכבת, היא לא שינתה ממהלך חיי האדוקים משנים קדמוניות, מאורעות מהפכניים שהתקיימו בעולם הגדול לא חדרו אליה אפילו בהד קול דק.

היהדות האדוקה עצבה את חייה הרוחניים, ומהבוקר עד הערב ומן העריסה עד הקבר לא סטו היהודים מדעת יוצרם.

פועל, חנווני, סוחר, בעל-עגלה או סבל — כולם השכימו אל בית התפילה או לבית המדרש לרוות צמאונם הרוחני, מי באמירת תהילים מי בלימוד דף גמרא משניות, עין יעקב ומי בעיון בזוהר הקדוש.

'הבחורים' היו חובשי בית המדרש, והאברכים אכלו מזונות (קעסט) אצל חותניהם ועסקו בתורה וחסידות.

החסידות השתלטה בכל, על-ידי האדמו"ר המקומי הרב ר' שמחה יששכר בר הלברשטאם ז"ל והן על-ידי חצרות האדמורי"ם מבלז, צשורטקאוו, הושיאטין ועוד. החיים הסתובבו על ציר הדת.

לאחר פרוץ מלחמת העולם הראשונה, בשנת 1914, התפזרו אנשי ציעשינאוו בכל קצווי מדינת אוסטריה-הונגריה. בעיקר אלה אשר הגיעו לבירה וינה, נכנסה בהם רוח חדשה מעורבת ברוח המקורית הדתית, והנוער פתח את עיניו וראה לראשונה שקיימים חיים גם מחוץ לכותלי ד' אמות בית המדרש.

אחרי המלחמה, עם יתר האוכלוסיה, שב וחזר לביתו גם חלק מאלה אשר הושפעו מההשכלה. ביחוד נדבק הדור הצעיר בדיעות ואידיאלים חדשים ועשה מהפכה רוחנית בחיי היומיום של העיירה. מאז צצו בציעשינאוו כמו פיטריות אחרי הגשם, נוסף על לומדי תורה, גם כיתות פוליטיות שונות, ובעיקר התבסס הרעיון הלאומי לכל גווניו: סתם-ציונים, מזרחי, פועלי מזרחי, אגודת ישראל ופועלי אגודת ישראל וכו' וכו'.

# קהילת ציעשינאוו הקדושה

כדי לתת מושג-מה על חיי יהודי עירנו, נציג קודם . כל לדוגמה את המוסדות והארגונים אשר פעלו בקהילה זו.

מלבד בית הכנסת הגדול, היו בה עוד הרבה בתי-תפילה ותורה כגון: קלוז בלז, קלוז הושאטין, מנין „יד חרוצים", בית המדרש של המזרחי והציונים אשר מנהיגיהם עסקו נוסף לפוליטיקה גם בפעולות סוציאליות.

בעיר שלנו פעלו מוסדות סוציאליים למיניהם, כגון: חברת גמילת חסדים, חברה קדישה, חברה לחם עניים וכו'. מן המוסדות הפוליטיים כדאי להזכיר את „צעירי אגודת ישראל", „הבונד" ועל כולם „ההסתדרות הציונית הלאומית".

היו גם מוסדות תורה וחינוך אשר דאגו ללימוד התורה בקרב צעירים ומבוגרים גם יחד.

כל זה התמוטט ונחרב בחודש ספטמבר הארור של שנת 1939 כאשר הנאצי ימ"ש כבש העיר בהתאם להסכם בין שני השטנים — מולוטוב — ריבנטרופ, שם רשעים ירקב;

כדאי להזכיר כמה מאנשי שם יוצאי עירנו:

בראש וראשונה ברצוני להזכיר לטובה את מורי ורבי הרב דמתא האדמו"ר ר' שמחה יששכר בר הלברשטאם זצ"ל ואת בנו הרב האחרון ר' יחזקאל שרגא ז"ל אשר נפל חלל אחרי עינויים נוראים בבלז'יץ בידי הנאצים ימ"ש, הי"ד.

כידוע היה הרב ר' שמחה יששכר בר ע"ה, רבם של אלפי חסידים אשר נהרו אליו מכל קצווי המדינה לחסות בצל כנפיו, לשמוע תורה מפיו ולקבל עצה טובה במצוקותיהם השונות.

פקסימיליה כ"י קודשו של הרב האדמו"ר ר' שמחה יששכר בר ז"ל

בשבתות ובמועדים מתאספים היינו יחד עם מאות חסידים מהחוץ לשמוע רינתו ותפילתו.

אינני מתבייש להודות, בחוזרי ברוחי להביט אחורה בתקופה זו נעשה אני בנפשי „חדודין-חדודין״; מצד אחד אני מכבד ומעריץ את זכר כבוד הרב ז״ל, ומאידך אני כואב כאבי נפש ושואל את עצמי למה לא זכה צדיק זה לראות בעיניו בהתחולל הנס הגדול, נס תקומת העם על אדמת אבותיו?

גדול היה בתורה ובמעשים טובים, אחד מבין גדולי ישראל בשעתו, קדוש וטהור בגופו ובנפשו, כל מעשיו היו אך ורק לשם שמים, נפח את נשמתו הטהורה בכ׳ טבת תרע״ד, בגיל ארבעים ושתיים. זצ״ל.

גם בנו היחיד, הרב האחרון ר׳ יחזקאל שרגא ז״ל, הלך בעקבותיו בתורה, ביראה, במסירות נפש נגד כל דבר שחשב לפירצת המסורת, והיה ידוע במעשיו הטובים עד אין קץ.

אחרי שהזכרתי את שני הרבנים האדמורי״ם, ברצוני לתת סקירה קצרה על יתר הרבנים עד מלפני 150 שנה בערך, אשר שמשו בקודש בעירנו.

מצאתי בספר ישן נושן בשם שו״ת „חסד לאברהם״ מהרב הגאון בזמננו ר׳ אברהם מזבארוב — בוטשאץ ז״ל, בספרו מהדורה קמא חו״מ סימן מה׳ — מו׳ כותב כדלהלן:

להרב ר׳ יעקב תאומים נ״י אבד״ק ציעשינאוו.

בעניין האשה שלפני מותה צווה שאיש פלוני יאמר „קדיש״ כל השנה, שכרו ארבעים רייניש כסף, לאחר שבועות מספר מת גם האיש ועתה תובעים יורשי האיש מיורשי האשה את כל הסכום שצוותה. הטענה היא, הואיל ולא התנה תנאי, שאם לא יאמר קדיש — לא מגיע לו השתלום הנ״ל, מה הוא הדין? הרב מזבארוב פוסק להלכה:

צריכים לשלם ליורשיו של האיש רק עבור הימים שאמר „קדיש״ ומנכים את היתר מהימים שלא אמר.

זבארוב, כ״ט ניסן תר״י לפ״ק.

התשובה השניה אשר מצאתי היא להרב הגאון החריף מו״ה אברהם אבא איסרלס נ״י אבד״ק ציעשינאוו.

בתשובה לשאלת כבוד הרב בעניין — שאחד בעירכם אשר צווה לפני מותו, שימסרו כל ספריו לבהמ״ד בעיר, וקרוביו השפיעו על השכיב מרע לחזור בו מצוואתו וצווה לתת את הספרים לקרוביו.

השאלה — אם מותר לו לחזור מצוואתו הראשונה? הרב הגאון הנ״ל מסיים ופוסק להלכה: שאין בזה ממש שחזר, והקדישו הראשון קיים, הספרים שייכים לכן לבהמ״ד דק״ק ציעשינאוו.

הק. אברהם אבד״ק זבארוב, מנחם אב, תרי״ב לפ״ק.

ג) הרב דב בעריש מייזלס, עד שנת תרט״ו.

ד) הרב יצחק הורביץ בעל „באר יצחק" מקודם אבד"ק יערסליב, עד שנת תרכ"א.
ה) הרב פנחס תאומים עד שנת תרל"ט.
ו) הרב יעקב פרנקל עד שנת תרנ"ב.
ז) הרב שמחה יששכר בר הלברשטאם משנת תרנ"ג — תרע"ד.
ח) הרב אריב לייביש רובין משנת תרע"ז — תרפ"ה.
ט) הרב יחזקאל שרגא הלברשטם הי"ד משנת תרפ"ו — שנת השואה — תרצ"ט.

מן הראוי להזכיר לטובה גם את מורי ורבי ר' זלמן לרר, ר' יצחק גלנצר, ר' אהרן קצבך, ר' יעקב פרידמן, ר' הירשלי דיין, צדיקים שהיו לכבוד ולתפארת של קהילתנו הקדושה.

האמידים בקהילה: ר' חנוך זילביגר, ר' שלמה שמוקלר, ר' משה קניגסברג, ר' משה קניג, ר' מרדכי גלנצר, ר' יהושע ציגלר, ר נחום פורמן, ר' מיכל שרגיל ע"ה, אשר ידעו לנצל את כספם במעשיהם הטובים לטובת עניי העיר ולטובת מוסדותיה.

האברכים: ר' לעזל מרגוליות, ר' יהושע שמוקלר, ר' זושיה טברסקי, ר' זושיה ברנר, ר' אשר דילר, ר' חיים עדעלמן, ר מיכל הלברשטם, ר' דוד דילר, ר' אייזיק למפל ואחרים, כולם מלאים וגדושים בתורה, השכלה ובמעשים טובים.

כדאי גם להזכיר במקום זה את חברי „הבונד", אברהם פושטר, הירש שמוקלר, אחים גולדברג, ואחרים.

כאן אזכיר מקרה שקרה ימים מספר אחרי שהקלגסים הגרמנים נכנסו לעירנו, המראה את האופי התמים של אנשים אלו.

אם אינני טועה, קרה הדבר ביום או יומיים לפני ראש השנה של שנת תרצ"ט (1939).

הייתי אז חבר במועצת העיריה ועל סמך זה הטילו עלי אנשי הקהילה ללכת לקצין העיר ולבקש היתר להתפלל בבית התפילה של העיר. למותר לומר, שדעתי לא היתה נוחה מתוכנית זו ונימוקי עמי. הסברתי שלפי הדין, אסור להכנס למקום סכנה ובעיקר — חשבתי בלבי כי השוכן בשחקים יקבל בוודאי את תחנונינו ותפילותינו בימי-סכנה גם ממקום מגורים פרטי ולאו דווקא מבתי התפילות אשר בימים כתיקונם היינו רגילים לשפוך את שיחנו לפניו.

אנשים תמימים אלו התעקשו והשפיעו עלי, למרות התנגדותי, למלאות את מבוקשתם ובלית ברירה — הלכתי אל הקצין מלא פחד ובלב שבור. אולם התניתי תנאי לבל יעבור — לשמור בקפדנות על החלטת קצין העיר בענין זה.

ככלבים משוסים התנפלו עלי הגרמנים ברגע שנכנסתי לפרוזדור הבית אשר הקצין ישב בו.

למזלי הגדול, יצא ברגע זה הקצין מחדרו, הציל אותי מידי הכלבים-החיילים-הגרמניים, ושאל אותי במה יכול לעזור לי.

ברגע זה לא ידעתי כוונתו, הייתי כמעט בטוח שאף הוא טומן לי איזו מלכודת בהתנהגותו האדיבה. חשבתי שהגיע קיצי.

לא פללתי ולא חשדתי בו ביחס אנושי כלפי, ולא האמנתי כלל שישנו וקיים עוד צדיק אחד בסדום. אחרי ששמע את בקשתי המוזרה ענה:

אינני רוצה שאתם תחשבו שאני שונא יהודים, לכן — באופן פרינציפיוני אינני מתנגד לכך שתתפללו בחג שלכם בציבור, אך עצתי היא — וזה לטובתכם, להמנע מלתת פתחון פה לחיילים; אל תלכו לבתי כנסת פן תעוללו לכם רעה.

חשבתי בלבי, הנה מלים כנות מפי הצדיק הסדומי. הוא לחץ את ידי ושלח אותי הביתה.

בחדרי חיכו לי קבוצה מאנשי שלומנו, וכאשר שמעו מפי התשובה, ענו כולם „נעשה ונשמע".

הייתי משוכנע שהצלחתי בשליחותי והודיתי לרבון העולמים שזכיתי לשמור על חיי האנשים התמימים הללו. אולם, לא מניה ולה מקצתיה.

לפנות בוקר ביום הראשון של ר"ה, כאשר הסתכלתי דרך החלון הסגור ומסוגר מרב פחד — נוכחתי לראות במו עיני כיצד הולכים היהודים לבתי הכנסת — מעוטרים בשטרימלך, לבושים בקפוטות משי, מעוטפים בטליתות כאילו לא קרה דבר, ובלי לקחת בחשבון את המצב המר אשר חל עלינו עם כיבוש העיר בידי הנאצים הארורים.

מעומק לבי התפללתי לשוכן שבשמים, שישמור על אחינו התמימים האלו, אולם — הכל היה לשוא. כשנודע לגרמנים שהיהודים התאספו בבתי התפילה, התנפלו עליהם באכזריות גסה; היכו באומללים על ימין ועל שמאל והשמידו כל אשר נפל בידיהם הטמאות.

האנשים התמימים והכשרים אשר הלכו ללא שוב ואשר במותם נתנו לנו את החרות, כי אם אמנם כלו בעשן ימיהם — בעינינו „אש הרשע לא פגעה בהם", וזכרם יפרח כצו היים לעולם ועד.

לבסוף מבקש אני סליחה מכל אלה אשר שכחתי או לא ידעתי עליהם דבר, ומאלה שהזכרתי פן לא הערכתי כראוי ומעטתי דמות צביונם הרוחני וערך פעולות מעשיהם הטובים. אתם הסליחה.

הכרת תודה וברכה מגיעה במיוחד לחברי וידידי חברי הוועד:

גלצנר צבי אלימלך

טפר שמואל זיינבל

לנגנטל דוד

ליברמן שמואל

פרידמן בן ציון

שמיד סנדר

שיחיו כולם לאורך ימים טובים — אשר שיתפו פעולה ועזרו לי בעבודתי להוציא ספר זה לאור.

זכות הקדושים הנזכרים בספר, תגן עלי ועליהם שנוושע בכל משאלותינו לטובה ולברכה.

**המחבר**

ד"ר דוד רביד

# קהילת ציעשינאוו

זייט דורות איז אונזער שטעטל ציעשינאָוו באַקאַנט געווען-מיט אירע רבנים, אדמורי"ם, תלמידי חכמים און משכילים.

אונזער רב רבי שמחה ישכר בר האלבערשטאַם ז"ל און שפּעטער זיין זון ר' יחזקאל ז"ל, מיט זייערע חסידים אַנהענגער, וועלכע האָבן אריינגעבראַכט אין אונזער שטעטל אַ יידיש חסידיש זאַפטיק לעבן, זענען געווען גוט באַקאַנט אין דער חסידישער וועלט.

די קעגנזייטיקע טאָלעראַנץ פון די פאַרשידענע טיילן פון דער יידישער באפעלקערונג זענען געווען אַ מוסטער פאר די אַלע אַנדערע סביבותדיקע שטעטלעך.

חסידישע בעלי בתים, האנדווערקער און סוחרים אלע אויסגעמישט אונטער איין דאַך פון נאַציאָנאַלע שטרעבונגען האָבן פארשטאַנען שטענדיק אין אַ צייט פון געפאַר זיך מיט געמיינזאמע כוחות אַקעגנצושטעלן דעם אויסערלעכן שונא.

ווי באקאנט האָבן אויך אין אונזער שטעטל נישט געפעלט קיין אַנטיסעמיטן, וועןן אונזערע ליסאָווסקים און שייאַוווסקים האָבן געפרווט אַ הוליע צו טאָן, האָבן זיי באקומען אַ געהעריקן אָפּשניט פון אונדזער יוגענט אָן אונטערשיד פון פּאַרטיי. ווען עס האָט זיך געהאנדלט צו פאַרטיידיקן דעם יידישן כבוד אָדער יידיש פאַרמעגן, האָט ביי אונז אין שטעטל געהערשט אַן אחדות, הלוואי היינט געזאָגט אזא אחדות אין אַלע יידישע קרייזן.

אונדזער שטעטל האָט געציילט אַ 500—600 יידישע משפּחות, וועלכע האָבן זייער כשר ברויט פארדינט אין האנדל, מלאכה און אין פרייע פראָפעסיעס. אין אונזער געמיינדע פלעגן אויך זיין יידישע לאַווניקעס. עס איז געווען אַ צייט ווען עס איז פאָרגעקומען אַ קאַמף צווישן די פּוילישע און יידישע לאַווניקעס. דער שרייבער פון די שורות, אליין איינער פון די געוועזענע יידישע לאַווניקעס, וואָלט געקענט אנשרייבן אַ בוך וועגן זיין קאַמף מיט דעם אַנטיסעמיטישן בירגערמייסטער, וועלכער האָט נאָר געטראַכט ווי אַזוי צו שעדיקן די אינטערעסן פון די יידישע בירגער פון אונזער שטאָט.

אַזוי האָט זיך געלעבט אין פריידן און ליידן, ביז עס איז געקומען דאָס פאַרשאָלטענע יאָר 1939 און די דייטשע באַנדעס האָבן אַ סוף געמאַכט פון אונזער קהילה.

מיר, דאָס ביסל פארבליבענע יידן, וועלכע געפינען זיך אין ישראל, קומען זיך צוזאַמען יעדעס יאָר, כדי מזכיר צו זיין דאָס, וואָס מיר האָבן אַמאָל געהאַט און פאַרמאָגט.

און פאַרמאגט האָמן מיר זעער אַ סך. די יידן פון אונזער שטעטל, באזונדער אונזער יוגענט איז געווען אַ אויסגעוויילטע מחנה פון אינטעליגענטע, אינטעלעקטועלע און נאַציאָנאַל באַוואסטזיניקע מענשען מיט וועלכע יעדער קולטורעל פאָלק האָט געקאָנט שטאָלצירען.

און דאָס אַלעס צוזאַמען מיט די בתי מדרשים, ביבליאָטעקן און אַנדערע קולטור־אַנשטאַלטן איז דורך דעם דייטשן מערדער־פאָלק מיט זייערע פּוילישע און אוקראַינישע שותפים פאַרניכטעט און פאַרטיליקט געוואָרן.

### דאָס דרייהונדערט יעריקע ציעשינאָוו

ווי געזאָגט, האָב איך געהאַט דעם כבוד אָדער אומכבוד צו זיין אַ קורצע צייט אַ פאַרשטעער פון די יידישע באַפעלקערונג אין אונזער געמיינדע, אָדער ווי מען האָט עס דאַמאָלס גערופן „דאָזאָר".

אלס זאלכער, האָב איך געהאַט צוטריט צו דעם געמיינדע אַרכיוו. צווישן פאַרשידענע אינטערעסאַנטע אַלטע דאָקומענטן, האָב איך געזעען אַ דאָקומענט געשריבן אין דער אלטע פּוילישע שפּראַך, דער דאָקומענט איז פון דעם יאָר 1650 ד.ה. מיט איבער 300 יאָר צוריק.

אין דעם דאָקומענט ווערט דערצעלט אַזאַ געשיכטע.

אינם יאָר 1648 ד.ה. ווי איך האָב אויסגערעכנט איז דאָס בעקאַנטע טרויעריקע יאָר שנת ת״ח, זענען פאַרטריבן און אויסגעהרגעט געוואָרן כמעט אַלע פיינד פון ישו, וועלכע האָבן זיך געפונען אויף דער פּוילישער ערד.

צוויי יאָר שפּעטער ד. ה. אים יאָר 1650, האָבן זיך באַזעצט אין אונזער דאָרף ציעשינאָוו 3 יידן וועלכע זענען ניצול געוואָרן פון די הענד פון ישו׳ס פאַרטיידיקער, דאָס זענען געוועזן הירש שבת, מרדכי שעיה און אברהם שמוקלער, דער ערשטער האָט געאַקערט דאָס פעלד דער צווייטער האָט פאַרקויפט בראַנפן און אברהם שמוקלר איז געוועזן אַ גאָלדשמיד, און אַזוי ווי עס האָט עקזיסטירט אַ געזעץ אַז די פיינד פון ישו איז פאַרבאָטן צו וווינען אינם דאָרף האָט מען זיי נאָך 2 יאָר וויינען ארויסגעטריבן.

די ערשטע 2 יידן שבת און שעיה האָבן זיך געשמד און בזכות זה זענען זיי ווייטער געבליבן וווינען אין אונזער דאָרף.

מיין פּריוואַטע מיינונג — אַז די אַלע שבתאַווסקים און שאַייאַווסקים שטאַמען אַוודאי פון די 2 מומרים הירש שבת און מרדכי שעיה.

איך פערזענליך האָב געהאַט דאָס גרויסע גליק וואָס מיין עלטער זיידע פון פאַר 300 יאָר ר׳ אברהם שמוקלער, האָט אויסגעהאלטן דאָס יידישקייט, און האָט זיך נישט געשמד, נאָר פשוט פאַרלאָזט דאָס דאָרף וועלכעס איז באַשטאַנען נאָר פון עטליכע האַטים אין דער זשוקובער גאַס, און ער האָט זיך באַזעצט אויף דעם פרייעם פעלד אַ ערך 3 — 4 הונדערט מעטר ווייטער פון דעם דאָרף. ווייטער הייסט עס, אַזוי לעזן מיר אין דעם אַלטן דאָקומענט — אַז נאָכדעם ווי ר׳ אברהם שמוקלער האָט אויפגעבויט זיין צריף, אויף דעם אָרט וועלכן מיר האָבן געקענט אַלס רינגפּלאַץ אין אונזער שטאָט, האָבן זיך מיט דער צייט באַזעצט נאָך עטליכע יידן, און אַזוי האָט זיך אים לויף פון די הונדערטע יאָרן ענטוויקלט דער יידישער ישוב אין אונזער שטעטל.

## פון דער נייע צייט אין ציעשינאַוו

איך ווייל דערמאנען און אויפוועקן אין די הערצער פון אונזערע לאַנדסלייט אַ געפיל פון לייד און פרייד.

אונזער שטעטל איז געווען באקאנט און אַ אויסנאַם פון אַלע אַרומיקע שטעטלעך דאַרך דעם חשובן כסא הרבנות און דאַרך זיין חסידישן הויף וועלכער האָט זיך געצויגען פון דעם יאָר תרנ"ג — 1893, ד.ה. פון דעם באַקאַנטן שבת פרשת ויחי, ווען דער אלטער ציעשינאָווער רב הרב שמחה ישכר בר הלברשטאם עליו השלום, איז אויפגענומען געוואָרן אלס מרא דאתרא אין אונזער שטעטל.

ביז דעם פאַרשאַלטענעם הדש סעפטעמבער 1939, האָט אינם שטעטל געלעבט אַ ערך פון 500 — 600 יידישע פאמיליעס. ווי אין אַלע קליינע שטעטלעך האָבן יידן געלעבט פון מסחר אין מלאכה.

די ספּעציפישע יידישע פאַכן, ווי שוסטער, שניידער און בעקער האָבן געארבייט פאַרן פּריוואַטן פאַרבראַיך און פאַרן מארק וועלכער פלעגט פאַרקומען יעדן דינסטיג. פויערים פון די ארומיקע דערפער האָבן פול געמאַכט דעם גרויסן רינגפלאַץ, יידן סוחרים האָבן געקויפט פויערישע פּראָדוקציע, און די פויערים פון זייער זייט האָבן איינגעהאַנדעלט פון די יידן — מלבושים, לעדער און נויטיקע מכשירים פאַר די פעלדער און וועגענער. מיט אַ געמישט געפיהל דערמאַן איך זיך נאָך היינט, די טענער פון אייזן-האקן, קאָסעס-קלינגען און פון צעבראָכענע דורך די גויישע שיכורים, ביר און בראַנפען גלעזער.

ציעשיאַוו האָט געהאַט איהר יידישן לעבענסשטייגער, גייסטיק רייך און פאַרשידענפאַרביק איז געווען דאָס געזעלשאַפטליכע און קולטורלעבן. עס זענען געווען פאַרטייען פון אַלע ריכטונגען, אָבער די גרעסטע השפעה האָבן זיך ערוואָרבן די ציוניסטישע פאַרטייען ביי כמעט אַלע שיכטן פון דער קהילה.

דער בונד האָט געהאַט אַ השפעה אויף די יידישע ארבייטער און בעלי-מלאכות. סוחרים האָבן געהאט זייערע ספּעציפישע קלאַסן אינטערעסן, אָבער ווען עס האָט זיך געהאַנדלט לטובת הכלל ד.ה. ווען דער כלל האָט זיך געמוזט פאַרטיידיקן געגען די אַנטיסעמיטישע מיעשצאַנעס, פלעגען מיר ציוניסטען, מזרחיסטן, און אַנדערע נאַציאָנאַלע עלעמענטן, זיך לייכט צוזאמען רעדן מיט אונזערע ברידער פון בונד, בילדען אַ אייזערנעם פאַרהאַנג וועלכען די אייניקלעך פון הירש שבת און מרדכי שעיה, די אַלע שבתובסקים און שייאובסקים האָבן נישט אַזוי לייכט געקענט אַדורכברעכן. ווער פון אונז געדענקט נישט דאָס יאָר 1924?

אין דער צייט פון התיצבות, ווען די שקצים פון די אַרומיקע דערפער האָבן זיך פאַרזאַמט אין שטאָט און געהאט חשק אַ ביסל אַ לעב צו געבן אויף דעם חשבון פון די יידן.

אָנגעהויבן האָט עס זיך מיט אַ אייזערנעם טאָפּ וועלכן אַ פּוגרומטשיק האָט געוואָרפן און טאַקע דעם טאָפּ ציבראָכן אופין קאָפּ פון ר׳ חיים ישראל שרייבר ז"ל.

ווי אויף אַ געהיימן רוף איז די גאַנצע יוגענד ארוים פאַרטיידיקן דעם יידשין כבוד.

דאכט זיך אויב איך האָב קיין טעות נישט, האָבן מיר דאמאלס אָוועגעלעגט 2 פּוגרומטשיקעס, נישט אכטענדיק אויף די חלוּשיסדיקע געשרייען פונם יונגען גלח ימ"ש, וועלכער האָט געשריגען: „באָזשע-כזשעציאנסקי פולסקי קרעזו שען לעיע וו פאלסקים ציעשאנאָוויע".

מיר האָבן געהאלטן אין איין שלאָגן — ווייל אין אַ עת צרה זענען מיר געווען אלע ווי איין שטיק שטוהל פארגעסענדיק אים קריטישן מאָמענט פון אַלע אונזערע פּאָליטישע אנטאַגאָניזמען.

מיר נאציאָנאַלע יוגענד האָבן געהאַט אַ אייגן ווינקעל מיט אַ בית כנסת, דער בונד א פרץ ביבליאָטעק, דער חסידישער ייד האָט געפירט זיין אייגן שטייגר לעבן.

דעם רב'ס געסל מיטן רבינ'ס הויף, די בעלזער חסידים, הושאטינער חסידים, דער גרויסער בית המדרש, האָבן אין זיך קאָנצענטרירט דאָס פרומע חסידישע לעבן. דער רבי ר' שמחה ישכר בר ז"ל און שפּעטער זיין אומגליקלעכער זוהן ר' יחזקאל ז"ל, האָבן געהאַט זייערע חסידים. פון פארשידענע שטעט פון פּוילן, גאליציה און אפילו פון דעם וויטן אונגארן, פלעגן זיי קומען זיך אויסלעבן זייערע שבתות און ימים טובים ביים רבינ'ס טיש, גלייכצייטיק אריינגעבראַכט אַ פריש לעבן אינם שטעטל.

איך דערמאָן זיך, אַלס יונגער חסידישער בחור דעם תענוג הגשמי והרוחני וועלכן איך האָב געפילט אין די ימים טובים, שבתות וועלכע איך האָב פאַרבראַכט ביי דעם אַלטן רבין ז"ל.

אין זיין גרויסער שטוב, ביי דעם שלוש-סעודות איז פינסטער, אַ הייליקע התעוררות הנפש — פשוט מיט דער האַנד אונציטאַפּן, האָט זיך געגאָסן פון דער נשמה יתרה, ווי פון אַ ריזיקן פונטאַן.

די פורים'ס די שמחת-תורה'ס, דאָס גליק און דאָס הייליקע געפיל, קען נאָר פאַרשטעען דער, וועלכער האָט אַזאַ לעבן פערזענליך מיט געלעבט.

שוין אין דער לעצטע צייט פאַר דעם צווייטן וועלט-קריג, פלעגן די שבתות אויסגעפילט ווערן מיט קולטור און מיט תורה.

דער בונד מיט וועלטליכע יידישע קולטור, און דער חסידישער ייד מיט תורה און רבישע מעשיות, און אויך אריינכאַפּן אַ טענצל פאַרגעסענדיק, אַז דער מאָרגן ברענגט נייע זאָרגן.

מיר אויף אונזער נאַציאָנאַלן שטייגר, מיט לערנען עברית, און אויך נישט פאַרגעסענדיק אריינצוכאַפּן אַ שיעור גמרא מיט תוספת און אַ קאַפּיטל תנ"ך.

און אַזאַ ריין הייליק לעבן איז דורך דעם דייטשען שטן פאַרניכטעט געוואָרן.

**„זכור ה' מה היה לנו, הביט וראה את חרפתנו"**

**(איכה ד').**

### צורר אייכמאַנ'ס פּרוצעס אין ירושלים

די גאַנצע צייט פינם פּראָצעס, האָב איך געשוויגען און זיך צוריק געהאַלטען פון צו בעטייליגען זיך אינם ויכוח וועגען די חיישע איינגעבוירענע אייגנשאַפטען

פון דעם שרץ מיט דעם מענשען פנים, וואָס הייסט אייכמאַן, איך האָב מיר געטראַכט — כל זמן דער שרץ שטעט פאַר דעם משפט, און דער פסק דין איז נאָך נישט אַרויסגעזאָגט, איז עס א ׳סוב־יודיצע׳ ד.ה. אַרויסגעזאָגט א מיינונג, און דורכדעם זיך אַריינגעמישט אין אַ יורידישע נאָך נישט אָנטשידענעם משפט וועלכע איז לויט אַלע קודעקסן פאַרבאָטען.

אָבער נאָך דעם פסק דין פון בית הדין אין ירושלים אַז דער כלב איז אַ בן מות, אין נאָכדעם ווי פאַרשידענע אַזויגערופענע שיינגייסטער מיט ווייבערישע ווייכע הערצער האָבן קריטיקירט דעם הארבען פסק דין, האָט מיך אַרומגעכאַפּט אַ גרויל און עקעל צו די גולאַנצעס און בובערס, און זייער גלייכען.

איך ערלויב מיר דאַרכדעם צו נעמען אַ חלק אין דעם ויכוח צו דער פסק דין האָט אין זיך א רעכטליכע און מאָראַלישע אונטערלאַגע טראָץ דער קריטיק פון אייניקע יהודים און טראָץ דעם באַשיינפּערליכען כלומרשטן באַוויז פון די ווייכ־הארציגע וועלכע זאָגען זיך אַרויס געגען דעם פסק פון ירושלים באַהויפּטענדיק מיט זייער יעזואיטישען הריפות, אַז ווען די סנהדרין האָבן במשך פון 70 יאָר אַרויסגעטרוגען אַ טויט אורטייל, האָט מען זיי גערופן „בית־דין חבלנית״ דאָס הייסט, אַ געריכט פון מערדער (מכות ז׳).

מילא — די גאַלאַנצים און קומפּני, פאַרשטע איך זייער גוט, זיי האָבן זייער אויסרעכנונק, אַז ווען דער שרץ זאָל בלייבן לעבען, וועט ער געוויס שרייבן זיינע זכרונות און אַלס ביזנעסלייט וועלען זיי אויפקויפן ביי אים זיין שרייבעכץ, און מיליאָנען וועלן זיך שיטען אין זייערע קעשענעס, נישט אַכטענדיק אַז דאָרך דעם שרץ פאַרגאָסענעם יידיש בלוט מאַכט זיי רייך, ווייל ביזנעס געהט איבער אלעס, אָבער אַז איך האָב געלעזען די קריטישע באַוואָרענישן פון אַ טייל וועלכע האלטען זיך פאַר צדיקי הדור און זיצען אין חוץ לארץ, ערלויב איך מיר זיי צו פרעגן ילמדנו רבנו: א) פאַרוואָס האָט משה רבנו געמעגט אַרויסטראָגן אַ פסק דין אויף דעם צורר ישראל ׳עמלק׳: תמחה את זכר עמלק מתחת השמים, זאָלסט אופמעקן דעם זכר פון עמלקין פון אונטער דעם הימל. און עס האָט זיך נישט געפונען קיין פּראָפעסור אָדער רב וועלכער זאָל זיך ערלויבן צו פּראָטעסטירן געגען משה רבנו׳ם גערעכטן אורטייל, אפילו קרח — משה׳ס גרעסטער געגנער האָט געשוויגן. ער האָט אונגענאָמען אַ פול מויל מיט וואַסער און שטיל מסכים געוועזן אַז משה איז גערעכט. און ווייטער — פאַרוואָס האָט געמעגט דער פאסטוך דוד אויפהאַקן דעם קאָפּ פון דעם שונא־ישראל גולית? אויך דאמאלס האָט זיך נישט געפונען קיין איין ייד וועלכער זאָל פּראָטעסטירען געגן דעם אורטייל וואָס דוד האָט אַרויסגעטראָגן, און אויך אויסגעפירט געגן דעם דאמולסדיקן אייכמאַן, להיפך — דאָס פאָלק האָט דודן בעלויבט מיט באַשטימען אים אַלס מלך בישראל.

פאַרוואָס האָט די פרוי יעל געמעגט פאַרנאַרן דעם שונא־ישראל סיסרא, אים צישפּאַלטן דעם קאָפּ און דאָרך דידאָזיקע העלדן מלאכה, איז זי דידאָזיקע פרוי אַריין אין דער יידישע פאָלקסגעשיכטע אויף אייביקע יאָרן, נאָך מעהר — זי בעקומט אַ גרויסע בעלויבונג, ווי אין תנ״ך שטעט (שופטים ה) „תבורך מנשים יעל, אשר הלמה בראש סיסרא ומחצה רקתו״.



הטכניקה המפותחת של העם הגרמני.....
„כלו בדמעות עיני חמרמרו מעי, נשפך לארץ כבדי על שבר בת-עמי"

פארוואס האט געמעגט מרדכי הצדיק אויסקוילענען צענדליקער טויזענטער שונאים און מיר פרייען זיך עד היום אויף די נסים וואס מיר האבן געקענט זיך נוקם זיין אין אונזערע שונאים, ענפערט מיר, פארוואס זענען אין אייערע אויגן דער גרעסטער שונא-ישראל פון אונזער לאנגער געשיכטע בעסער פון עמלקן, גולית, סיסרא און המן? זיי די אויסגערעכנטע שונאים האבן געוואלט אבער נישט דערלעבט אונז אומציברענגן האט מען זיי די קעפ אויפגעהאקט, דער רשע אייכמאן האט ליידער א דריטל פון אונזער פאלק דורך פארשידענע ראפינירטע טויט שטראפן פארניכטעט, פארוואס זייט איהר זיך מרחם אויף דעם דאזיקן אויסווארף? און אויב איך בין מיך נישט טועה האט אסך נישט געפעלט אז אויך אייער קאפ, זאל פאלען צו די פיס פונם צורר אייכמן ימ"ש. מיר ווארטן אויף אייער תשובה...

## דער נס אין קאָלכאָז

דער פחד פאַר דעם צורר אייכמן, האָט מיך מיט מיין פאַמיליע פאַרטריבן אין סטאַלינ׳ס מלוכה — ווי איך בין געווען איינער צווישן צענערטויזנטער פוילישע יידן, וועלכע האָבן זיך געפינען אויף קאַטאַרגע אַרבעט אין פאַרשידענע רוסישע סטעפּעס.

נאָך אנדערטהאלבן יאָר זיין פאַרשפאַרט אין אַ מחנה טיעף אין די דזשונגל־וועלדער הינטער דער וואָלגע, זענען מיר באַפרייט געוואָרן און יעדער איז געלאָפן ווי די אויגן האָבן אים געטראָגן. איך מיט מיין פאַמיליע זענען פאַרוואָגעלט געוואָרן אין אַ קאָלכאָז אין קירגיזסטאַן נישט ווייט פון דעם כינעזיש אינדיש־רוסישן דרייעק.

די לעבענסבאדינגונגען זענען אַזאלכע, אַז אויף דעם בעסטן פאַל האָט מען געקענט האָפן צו שטאַרבן פון הונגער. אַלע מיינע באַמיאונגען זיך אַרויסצודרייען פון דעם דאָזיקן גיהנם, האָבן זיך אונגעטראָפן אויף א קאַטעגאָרישן אופזוג הן פון די נ.ק.וו.ד. ווי אויך פון דעם קירגיזישן פרעדסיעדאַטל פון קאָלכאָז.

די גאַנצע צייט האָבן זיי מיך געהאַלטן אויפן אויג געהיטן ווי עפּעס אַ וואַזשנע מציאה, איך זאָל חלילה פון דאָרט נישט עוקר זיין. באין ברירה האָבן מיר געאַרבעט אין די קירגיזישע רייז־פעלדער פון זון אויפגאַנג ביז אוונט — פאַר 600 גראַם מעל.

די 600 גראַם מעל וואָלטן אונז געקענט דערהאלטן ביי דער נשמה, אָבער די צרה איז געווען, אַז מ׳האָט זיי נישט געגעבן... טאָג איין טאָג אוים האָבן מיר געמוזט אַרבעטן שווערער און ביטערער, געגעסן אַ קרענק און געטרינקן דעם שוויים.

נאָך 6 חדשים לעבענדיק אין דעם קאָלכאָז, בין איך מיט מיין פאַמיליע שוין דרייפערטל געווען אויפן עולם־האמת, אָבער דאָ איז געשען דער גרויסער נס.

נאָך מיין טעגלעכער אַרבעט האָב איך געהאט יעדן טאָג נאָך אַ צוגאבליכע אַרבעט — אויפזוכן דעם פרעדסיעדאטיעל (פאָרזיצער) און מאָנען ביי אים דאָס פאַרהאָרעוועטע ביסל מעל. אָבער איר זאָלט נישט מיינען און אַריינפאלען אין אַ טעות, מוז איך אייך זאָגן, אַז על פי רוב בין איך געבליבן ביים מאָנען און ער — ביי נישט געבן...

און אַזוי זענען פאַרגאַנגען וואָכן מיט חדשים. אין אַ געוויסן טאָג, זייענדיק ווי געוועגלעך ביי דעם פרעדסיעדאטיעל אין קאַנטאָר בעטענדיק אַ ביסל מעל פאַר מיין אַרבעט, דערשיינען פלוצים אין קאנטאָר אַ מאַן מיט אַ פרוי מיט אַ ׳פריקאַז׳ פון דעם טאשקענטער נאַרקאָם (נאַראָדני קאָמיסאַר), אַז אין משך פון 4 וואָכן מוז אין אונזער קאָלכאָז אויפגעבויט ווערן אַ באָד — „באניא״ בלע״ז.

הערענדיק דעם באַפעל איז דעם קירגיז — (דעם פאָרזיצער פון קאָלכאָז) געוואָרן קאַלט און היים. פון גרוים שרעק ווענדעט ער זיך צו מיר מיט פאָלגענדער פראַגע: טאָוואַרישטש דאוויד אזיאשעוויטש, אפשר קענט איר צווישן אייערע פוילישע מענטשן אַ בוי־אינזשינער וועלכער זאָל זיך אונטערנעמען די דאָזיקע באניע אויפצובויען?

די וועלט זאָגט אַ ווערטל, אז־נויט קען מאַכן פון אַ שטימעס אַ חזן, און אַ חזן קען ווערן אַ בויאינזשיניער... דאָס זעלבע האָט אין דעם מאָמענט פּאַסירט מיט מיר. נישט קיין סך טראַכטענדיק, ענטפער איך דעם פּרדסיעדאטל, אַז איך קען אַ מענטש פון אונזערע לייט, וועלכער איז אַ בויאינזשיניער, אַ מומחה, וועלכער האָט אין פוילן די גרעסטע הייזער און פאַבריקן אויפגעבויט, און דער מענטש געפינט זיך ביי אונז אין קאַלכאָז. דערהערנדיק אַזאַ בשורה טובה האָט ער צוריקבאַקומען זיין נאָרמאַלע פאַרב און עס איז אים לייכטער געוואָרן אויף זיין האַרצן.

איך פרעג נאָר אויב זיי האָבן מיט זיך וועלכען עס איז פּלאַן מיטגעבראַכט. אויף מיין וואנש באקום איך דעם נויטיקן פּלאַן, נאָך אייניקע מינוט זאָג איך צו זיי אַזוי: טאָוואַרישטשי! איך אַליין בין דאָס דער גרויסער אינזשיניער, וועלכן פוילען האָט צו פאַרדאַנקען אירע שטעט און פאַבריקן. איך בין דאָס דער דאָזיקער מומחה שבמומחה, און איך נעם זיך אונטער די באַניע אויפצובויען אין משך פון 4 וואָכן, נאָר אונטערן באדינג, אַז די 4 וואָכן זאָלן זיך אָנפאַנגען נאָכדעם, ווי דער פּרעדסיעדאטל וועט מיר האָבן געליפערט דעם גאַנצן בוימאַטעריאַל.

הערנדיק אַזעלכע דיבורים, האָט דער פּרעדסיעדאטל פון גרויס באַגייסטערונג און ליבשאַפט מיר אזא גלעט געגעבן איבער די פּלייצעס, אַז נאָך היינט פיל איך דעם טעם... ער האָט נאָך צוגעשמאַלצן מיט א פעטער רוסישער „ברכה" און תיכף מסכים געוועזן, מיר איבערציגעבן די אַרבעט.

דער אַרבעטסלוין איז באַשטימט געוואָרן אויף 70 ק"ג ווייץ. געזאָגט און געטאָן.

נעמענדיק צו מיר עטליכע יידישע געהילפן, בכדי צו באַקומען 3 פּאַרציעס ווייץ, האָב איך אנגאזשירט אויך מיין פרוי און מיין 6־יעריק יינגעלע.

ציגל האָבן מיר אַליין געמאַכט פון ליים, געטריקנט אונטער דער זון, דעם דאַך האָב איך געדעקט מיט 5 מ"מ דיקטען, נור איין חסרון איז געווען, לויט מיין באַרעכנונג האָט דער דאַך באַדאַרפט פאַרנעמען 23 דיקטן, יעדע דיקט אַ קוואַדראַט־מעטער, באַקומען האָב איך נאָר 20 דיקטן.

די איבריקע דריי האָט מען אוועקגעלאַקחנט.. דער פּרעדסיעדאטל האָט מיר פאַרזיכערט, אַז מיט דער צייט וועל איך באַקומען די פעלנדיקע דריי דיקטן.

דער בנין איז ביז צום טערמין פאַרטיק געוואָרן, עס איז נאָר געבליבן אַ לאָך אין דעם דאַך אין דער גרויס פון די פעלנדיקע דריי דיקטן...

לויט דעם פּלאַן איז די באַניע געבויט געוואָרן טיף אין דער ערד, דער דאַך האָט זיך געמוזט אויסגלייכן מיט דער אויבער פלאַך... איך וויל נאָך צוגעבן, אַז דער דאָרטיקער קלימאַט איז זייער ענלעך צו דעם ישראלדיקן, היגן. דאָס הייסט, אַז דריי פערטל יאָר גייט נישט קיין רעגן. אַלזאָ! דער בנין איז פאַרטיק געוואָרן, ווי געזאָגט צו דעם טערמין. פון גרויס צופרידנהייט האָט דער פּרעדסיעדאטל דאָס מאָל יאָ געהאַלטן וואָרט און אָפּגעוויגן מיר די אויבענדערמאַנטע 70 ק"ג ווייץ.

איצט שטעלט אייך פאָר רבותי, אונזער שמחה: מיין ווייב זאָל געזונט זיין, האָט יעדן טאָג געקאָכט „זאַטשערקעס" — (קאַשע) און געבאַקן „לעפּיאַשקעס" — (פלעצלעך).

ביי אונז אין שטוב איז אַ גאַנצע וואָך געווען שמחת־תורה, ביז... אַן אומגליק איז געשען. אין מיטן דער נאַכט איז געפאַלן אַ שטאַרקער רעגן. כאָטש אַזא רעגן איז דאָרטן בכלל אַ זעלטענע זאַך און דערצו אין אַ צייט, ווען עס פאַלט דאָרט בכלל נישט קיין רעגן. נו, שטעלט אייך פאָר מיינע צרות, דערזעענדיק אין דער פרי, אַז פון דער באַניע מיינער איז נישט געבליבן מער ווי איין שטיק ליים... איך נאַטירלעך, וועלענדיק כאַפּן די פיש פאַר דער נעץ, בין איך תיכף געלאָפן צו דעם פרעדסיעדאַטל און אים פאַראַנטוואָרטלעך געמאַכט פאַר דעם גרויסן אומגליק, טענה׳דיק, אַז די באַניע איז „צעווייקט געוואָרן" צוליב דעם וואָס עס האָבן געפעלט די דריי דיקטן אויפן דאַך און דאָס וואַסער האָט זיך אַריינגעריסן אינווייניק.

דערשראָקן פון מיינע רייד, ווענדעט זיך דער פרעדסיעדאַטל צו מיר מיט די ווערטער: טאָוואַרישטש, איך מאַך דיר באַקאַנט, אַז עס דראָט אונז ביידע פאַרשיקט צו ווערן צו די ווייסע בערן, מינדעסטנס אויף 10 יאָר. איין עצה איז פאַראַן: מיר זאָלן ביידע קענען ראַטעווען זיך פון דעם אומליק.

נאָך היינט אין דער נאַכט זאָלסטו מאַכן אַ ויברח!

נאָך דעם וועל איך די גאַנצע שולד אַרויפלייגן אויף דיר, און מיט איין שאָס וועל איך זיין געראַטעוועט, און דיך וועט מען רופן קנאַקניסל..

דער פּלאַן איז מיר גלייך געפעלן געוואָרן, איך האָב מסכים געווען בתנאי, אַז ער, דאָס הייסט דער פרעדסיעדאַטל בכבודו ובעצמו וועט מיר צושטעלן אַ פערד און וואָגן און צידה לדרך... און אַזוי מיינע טייערע לאַנדסלייט איז טאַקע געשען.

צוויי אַ זייגער ביינאַכט האָב איך איינגעפּאַקט מיין ביסל אָרעמקייט און אַנטלאָפן ווי דער שוואַרצער פעפער וואַקסט, צוזאַמען מיט מיין פאַמיליע.

דער פרעדסיעדאַטל איז געבליבן ביי זיין צעפאַלענער און צעווייקטער באַניע און איך מיט מיין פאַמיליע זענען באַצייטנס אַרויס פון דעם קאָלכאָזנעם גן־עדן, ווי עס האָט אונז דערוואַרט אַ זיכערער הונגער־טויט.

א לאָך אין אַ דאַך פון אַ באַניע, האָט געראַטעוועט אַ גאַנצע יידישע פאַמיליע פון אונטערגאַנג.

„אמיצי שחקים ממעל, וכל צבא מעל, אומרים קדוש".



הקדוש הרב ר' יחזקאל שרגא הלברשטם ז"ל, רב האחרון בעירנו מלפני השואה, היה צדיק מפורסם, ממלא מקום אביו ז"ל באדמורו"ת.

כדי לחזק דברי — אביא את הסיפור בגמרא, בו מסופר על גזרות עשרת הרוגי מלכות.

כידוע, יש קשר בין מכירת יוסף לעשרת הרוגי מלכות.

כשגזרה מלכות הרשעה על עשרת חכמי ישראל ליהרג, בחרו ברבי ישמעאל כהן גדול לעלות השמימה להיוודע אם נגזרה הגזרה מלפני הקב"ה.

כתוב שר' ישמעאל טיהר את עצמו ונתעטף בטלית ותפילין והזכיר את שם המפורש. מיד נשאו הרוח והעלהו לרקיע, פגש שם את המלאך גבריאל, שאל אותו אם הגזרה נחתמה מלפני הקב"ה, אמר לו גבריאל, חייך — כך שמעתי מאחורי הפרגוד. אמר וזה למה? אמר לו, כי מידת הדין מקטרגת יום יום לפני כסא הכבוד ואומרת:

כלום כתבת בתורה אות אחת לבטלה?

הרי כתוב בתורתך: וגונב איש ומכרו מות ימות, הלא עשרת השבטים מכרו את יוסף ועדיין לא נפרעת מהם, לפיכך — נגזרה הגזרה.

אמר לו ר' ישמעאל, עד עתה לא מצא הקב"ה פריעה במכירת יוסף אלא בנו? אמר לו, מיום שמכרו את יוסף לא מצא הקב"ה בדור אחד צדיקים כמותכם, לפיכך נפרע מכם.

מיד ירד ר׳ ישמעאל על הארץ והודיע לחבריו שהגזרה נגזרה ונחתמה. כתוב: והיו מתאוננים בימין על שנגזרה הגזרה דווקא עליהם ושמחו בשמאל שהקב״ה בחר דווקא בהם, לכפר החטא של מכירת יוסף.

הגזרות הן שוות, כאז כן בזמן השואה גזרה מלפני הקב״ה שרבנו הקדוש ייהרג ומיועד להיות קרבן, ובמותו יכפר על ׳חטא׳ הדור אשר יצא לתרבות רעה, עזב את תורת אבותינו ונדבק בתורת ׳האדומים׳ אשר הביאה ע״י זה ׳לעבד כי ימלוך׳ ואשר בגלל שליטתם השטנית ניספו עשרות מיליונים אנשים, נשים וטף בכלל, ושישה מיליוני אחינו ואחיותינו בפרט.

רבנו היה בנו של הרב הקדוש האדמו״ר ר׳ שמחה ישכר בר ז״ל; למרות שנפטר בדמי ימיו נקרא ׳הרב הזקן׳ — נין ונכד של האדמורי״ם מצאנץ, בלז, הגאון מלייפניק עד דוד המלך ע״ה.

הרב ר׳ יחזקאל שרגא ז״ל היה מחונן בכשרונות, תלמיד חכם, איש האשכולות ונוֹעם המידות, עסק בצדקה וחסד ומסר את נפשו ולא וויתר כקוצו של יוד על הדעות וההשקפות אשר חשב, שהן מחזקות את היהדות המסורתית.

זכותו וזכות אבותיו הקדושים תגן עלינו ועל כל ישראל.

ה.נ.צ.ב.ה.

---

הרב ר׳ אריה רובין ז״ל אבד״ק ציעשינאוו, חתנו של הרב הצדיק האדמו״ר מציעשינאוו, ר׳ שמחה ישכר בר הלברשטם זצ״ל.



אישיות מלאת חן, ת״ח מובהק, פיקח, ומי שבא במגע איתו נקשר אליו בכל נימי נפשו. צדיק בן צדיק זה היה איש מבני העליה, גדולת נשמתו, אוצר הטוב והנעימות וישרות השכל, היו מאירים כאור השמש. היה בעל אונים רוחניים עשירים, מלא עליזות וחדוות נפש.

תהי נפשו הטהורה צרורה בצרור החיים מתחת כנפי השכינה.

אַזוי רעדט אַ מיידל, אַ פרוי וועלכע וואַרט אויף אַ מאַן? זאָגט יקותיאל פאַרביטערט שטיל אָבער קאַטעגאַריש, צו זיין שוועסטער.

באַלד ווערט מירל אַ ביסל טרויריק און ערנסט — און טוט אַ זאָג צו איר ברודער פּלוצים ווי איינער כאַפּט זיך אויף פונעם שלאָף.

דו מיינסט יקותיאל אַז איך האָב שלמהן וויניקער ליב ווי דו?

הער וואָס איך וויל דיר זאָגן יקותיאל.

און דאָס איין פּאָר אלע מאָל — דאָס וואָס מיר האַלטן שלמהן אין שטוב, שטערט אים דאָס פּריוואַט לעבן, נעמט אַוועק פון אים דעם ווילן צו ווערן דאָס, וואָס ער מוז אין דאַרף ווערן און זיין, ער ווערט אַלע מאָל מער בחור, אין אַלץ מער האָט ער ליב די בחורשאַפט, דאָס — **אַליינזיין**, און **אַליין** לעבן.

האָסט פאַרשטאַנען יקותיאל? פרעגט מירל.

יקותיאל איז מסכים מיט מירלן, ער גיט דאַבײַ אַ זיפץ און זאָגט: דאָס קען זיין.

מיר דאַרפן האַנדלען אַנדערש, רעדט דרייסט מירל.

מיר דאַרפן עס אים זאָגן אָפן — געבען אים זיין וועג, לאָזן אים גיין וווהין ער וויל.

נישט וואַרטענדיק אויף יקותיאלס תשובה, טוט מירל זיך אַ ברום אונטער אַזוי ווי איינער פאַלט אַרוב פונעם בוידעם, — אין אפשר יקותיאל איז גלייכער אַז דו זאָלסט דיר זוכן אַן אַנדערע וווינונג?

יקותיאל שמייכלט זיך אונטער, נאָר מירל גיט אַזאָג באַלד מיט אַ געוויסע ערנסטע מינע: מענער פאַרשטייען נישט די פרויען, זיי זענען צעטראָגענע בריאים.

שלמה איז זיך געגאַנגען זיינע וועגן, נישט קלערנדיק וועגן מירלן, ווייל — ערשטענס, זענען זיינע טעג פאַרנומען מיט ג י י ן אין די ארומיקע דערפער.

מאָנטיק בעגינען, איז שלמה געווען דער ערשטער אין דאָרף כאַטילוב, דינסטיק האָט ער אַ גאַנצן טאָג געהאַנדלט אויף דעם יאַריד אין ציעשינאָוו, אַ יעדען מיטוואָך האָט ער געהאַט צו טון ביי די פויערן אין דאָרף לובליניעץ, דאָנערשטיק אין פרייטיק אין אַנדערע דערפער.

אין אַזוי זענען פאַרגאַנגען חדשים און יאָרן, מיט יעדן יאָר איז שלמה געוואַקסן אַ גרעסערער עושר, ביז אין אַ געוויסן זומערדיקן שבת צו מנחה, ווען שלמה צוזאַמען מיט די שטעטלשע עמך יידן האָבן זיך צוריק געקערט פון „יד חרוצים-שולכל" מיט אַ פולן אָנגעלערנטן בויך חומש מיט רשי — נאָכטראַכטנדיק בשעת-מעשה אין דעם געשעעניש פון „זמרי בן סולי", אין וואָס ער האָט געטון מיט דעם מיידל „כזבי בת צור" די טאָכטער פון אַ מדינישען פרינץ, מיט וועלכע דער יידישער יונגערמאַן האָט אַן עבירה געטון, איז אים פּלעצלעך באַפאַלן אַ פחד און אַ אימה.

עס קען דוך אים אליין אויך חס וחלילה טרעפן אַ מאָל אַזאַ פאַל, אַ מענטש איז דאָך נאָר אַ בשר ודם האָט ער זיך געטראַכט.

ווען חס וחלילה דער יצר הרע וועט אַ מאָל זיין שטאַרקער פון אים?

וואָס קען פון דעם אַרויסקומען?

נאָכמער, ער האָט זיך דערמאנט אַז דעם פאַרגאַנגענעם ווינטער האָט ער דאָך מיט זיינע אייגענע אויערן געהערט, אין דעם זעלבן שולכל און פון דעם זעלבן ר' יאָסעלע מלמד אַ פרשה חומש, אין וועלכע גאָט ברוך הוא באַפעלט אדם הראשון אין זאָגט צו אים אַזוי צו זאָגען: „על כן יעזוב איש את אביו ואת אמו, ודבק באשתו והיו לבשר אחד" און דו זאָלסט פאַרלאָזן דיין פאָטער און מוטער, זאָלסט זיך באַהעפטן מיט דיין פרוי אין ווערן איין פלייש.

נאָך זעלכע געדאַנקען האָט זיך שלמה אָפגעגעבן אַ דין־וחשבון.

אפשר האָט ער זיך געטראַכט זענען די מיידלעך גערעכט? מען דאַרף הייסט עס, אַ טראַכט טון אַ ביסל חתונה צו האָבן.

געלט האָט ער זיך געטראַכט האָט ער גענוג, צו פאַרדינען און אויפצוהאַלטן אַ ווייב מיט קינדער איז ביי אים נישט פון די שווערע זאַכן.

אם שווערסטן האָט אויף אים געווירקט די דונקעלע שבת פאַרנאַכטן.

אַנדערע נעכט פון אַ גאַנצע וואָך — אפילו פרייטיק ביי נאכט, האָבן זיך געברענט נאַפט קאַגיניקלעך אין די שטובן, און עס איז מער ווייניקער געוועזן לעכטיק אין די אויגן, נאָר די שבת פאַרנאַכטען דאָס הייסט, די שלוש סעודיתדיקע צייט האָט אויף אים געוואָרפן אַ מרה שחורה, אינעם גאַנצן שטעטל איז חושך מצרים, און אין דעם באמבעגעסל, ווי מען האָט עס גערופן — אין וועלכן שלמה האָט געוווינט, איז געוועזן מחמת ענקשאַפט אין אָרימקייט טאָפּל פינצטער, דורכדעם איז שלמהן, בעזינדערס אין די דאָזיקע שלוש סעודיתדיקע אָוונדעס, שווער געוועזן אויף זיין געמיט.

צוקומענדיק צו זיין בשותפותדיקער וווינונג, האָט ער זיך פון גרויס ערגער אַריינגעוואָרפן אין בעט, צומאַכנדיק די אויגן אין דער פינצטערער שטוב, זיך מאַכענדיק אַ סוחרישן חשבון — און אפשר צו צווייט וועט עס זיין לייכטער?

עס וועט אפילו קאָסטן עפּעס מער, אָבער וואָס קען מען מאַכן?

אפשר איז דער חומש דאך גערעכט?

אַ בהור טאָר אין דאַרף נישט אַליין זיצן, אַ בחור מוז חתונה האָבן?

ליגנדיק פאַרטאָן אין זיינע געדאַנקען — האָט ער נישט באמערקט ווי עמעצער האָט זיך שטיל אַריינגעשלייכט אין זיין צימערל אין וועלכן עס איז געוועזן פינצטער.

פלוצעם פילט ער אַז עס קיצעלט אים אונטער דער נאָז.

איינמאָל און נאָך א מאָל.

נישט עפענענדיק זיינע אויגן, טוט ער זיך א וויש מיטן פינגער פון זיין רעכטער האַנט אונטער דער נאָז.

שלמה טראַכט ווייטער אין זיינע פלענער: יאָ חתונה האָבן, נישט חתונה האָבן?

עס קיצעלט ווידער אונטער דער נאָז, ווידער אַ וויש — ווידער אַ טראַכט — און ווידער אַ קיצעל, און אַזוי גייט עס אַ שיינע פּאָר מינוט, ביז ענדלעך שלמה פרווּוט נאָך אַ מאָל, דאָס מאָל אָבער מיט דער גאַנצער האַנט אַ כאַפּ צו טון די מאוסע עקשנדיקע פליג אונטער זיין נאָז, ער דערפילט צו זיין איבעראשונג, שטאָט אַ פליג, אַ דארע האַנט וועלכע ער האָט אַריינגעכאַפּט אין זיין האַנט.

אין דער ערשטער רגע האָט שלמה זיך אַ ביסל דערשראָקן, באַלד אָבער האָט ער דערזען אַז דאָס איז יקותיאלס האַנט.

ער האָט זיך באַרויקט און אַ פֿרעג געטון, יקותיאל? מען מעג שוין אפשר דאַווענען מעריב און אָנצינדן אַ ליכט? איך ווער פּשוט דערשיקט פֿון דער פֿינצטערניש.

ניין שלמה, ענטפֿערט יקותיאל — עס איז נאָך צייט אַ פֿירטל שעה.

שלמה, זאָגט יקותיאל ווייטער — איך וויל מיט דיר אַ שמועס געבן וועגן אַ וויכטיקן ענין, אין ווי דו ווייסט אַז אין די הייליקע ספֿרים שטעט געשריבן, אַז אין די צייט פֿון שלוש סעודות איז אַ שעת רחמים, און אַזוי ווי עס איז נאָך אַ פֿערטל שעה צייט, איז כדי דיך אַ פֿרעג צי טון מכח...

עס איז יקותיאלן שווער געווען אַרויסציברענגען אויף די צונג וואָס ער האָט געהאַט אויף דער לונג.

שטאַט צי רעדן ריינע דבורים, האָט ער זיך פֿאַרהיקעט, געשטאַמלט און סתם אין דער וועלט אַריין אַ פֿרעג געטון, וואָס זאָגסטו עפּעס שלמה צי דער מאוסע מעשה פֿון דעם יידישן יונגענמאַן מיט דעם מיידל כזבי בת צור די פּרינצעסן פֿון מדין?

שלמה איז ווי געזאָגט נישט געווען קיין טיפּש, ער האָט באַלד פֿאַרשטאַנען „וו משום דיעלא" ווי מען פֿלעגט אין שלמהס היים צו געבן אַ זאָג, ער האָט באַלד פֿאַרשטאַנען אַז יקותיאל וויל מיט אים שמועסן איבער אַ ערנסטן ענין. כדי יקותיאלן לייכטער צי מאַכן  אויף זיין נשמה, טוט פֿלעצלעך שלמה אַ זאָג — נו יקותיאל, וועסט זיין צופֿרידן? איך בין מסכים צו ווערן מירלס חתן.

איך זאָג דיר דעם אמת יקותיאל זאָגט שלמה ווייטער, הערענדיק די מעשה אין חומש, וואָס מיט אַ מענטש קען אַלץ פּאַסירן, האָב איך מיך פּשוט דערשראָקן.

אלס פּראַקטישער מענטש פֿאַרשטייט איך, אַז אים מענטשליכן לעבן זענען פֿאַרהאַנען צוויי וועגן — אַ קרומער, אין וועלכן למשל עס איז געגאַנגען דער יונגערמאַן פֿינעם הייינטיקן חומש, און אַ וועג אַ גלייכער — פּשוט ווי אַלע גוטע און פֿרומע יידישע יונגעלייט גייען, מען ערקלערט זיך אַלס חתן־כלה, מען האָט חתונה נאָך דעם ווי מען האָט געשטעלט אַ חופּה.

יקותיאל האָט שלמהן נישט געלאָזט ענדיקן, ער איז אויסגעבראָכן מיט אַ געפֿיל פֿון גרויס שמחה, און פֿינעם טיפֿן האַרץ אַ געשריי געטון: מ ז ל ט ו ב.

שלמה איז אין מירלן נישט געווען פֿאַרליבט, נאָר די מעשה פֿינעם חומש האָט אויף אים אַזוי שטאַרק משפּיע געווען, אַז ער האָט באַלד באַשטאַנען חתונה צי האָבן.

ווייל יקותיאל איז געווען דער ערשטער מיט דעם שדוך, האָט שלמה לאַנג נישט געקלערט, אין ווייל אונטערן שווערן איינדרוק פֿון דעם געשעהענעם, האָט ער תּכף באַשטאַנען צי ווערן מירלס חתן.

צי מאָרגענס האָט אין דעם שטעטל ציעשינאָוו געקלונגען אויף אַלע גלעקער וועגן דעם שדוך צווישן מירלן און שלמהן.

שלמה האָט באַלד געקויפֿט אַ ליידיק פּלאַץ אין סאַמע רינג־פּלאַץ, או באַלד אויפֿגעבויט אַ גרויס געמויערט הויז.



מיט דער צייט האָט מירל געבוירן צו שלמהן 5 זין און 2 טעכטער, אינצווישן אָבער איז שלמה געוואָרן אַלץ אַ גרעסערער עושר, מען האָט אים געמאַכט פאַר ראש־הקהל אינעם שטעטל.

די זין שלמהס, מיטן אויסנאַם פון יושע, זענען אַלע געווען געראָטן אין זייער פאָטער דאָס הייסט, פעסט געבויעט, מאַסיוו, עמך יידן, גוטע און פשוטע.

יושע דאקעגן איז געווען זייער אַן איידלער, געזעסן יומם ולילה געלערנט תורה, געלעזן אין דער פרייער צייט די ווינער ציטונג „נויע פרייע פרעססע", געהאָלפן זיינע עלטערן אין זייערע געשעפטן וועלכע האָבן וואָס אַ מאָל מער פּראָספּעריט.

אַלע שלמהס קינדער זענען געווען איידעמעס און שנורן ביי פשוטע גבירשע באַלעבאַטים, יושע דאקעגן איז געווען אַן איידעם ביי ר' פלטיאל שוואַרצנבערג, אַ באַקאַנטער אין דער גאַנצער געגנט מיוחסדיקער תלמיד חכם און גרויסער חסיד, אָבער גלייכצייטיק אַ קליינער גביר.

די פרוי פון ר' יושע, פיגה רוחמה אַ באַרימטע שיינהייט, איידעלע נשמה מיט גוטע אַריסטאָקראַטישע מאַניערן און גוטן כאַראַקטער, האָט דורך איר זיך אַריינציהען אין הויז פון ר' שלמהן, אין דורך איר שטאָלצן פאַרהאַלטן און באַשיידענעם לעבן, ווי אַ מאַגנעט צוגעצויגן מענטשן פון אַלע שיכטן, אין דורך דעם און כמעט אין איר מזל, זענען די געשעפטן פו ר' שלמה זיך נאָך מער צעוואַקסן.

שלמה האָט באַלד געקויפט די „פּראָפּינאַציע" דאָס הייסט, דעם אַליינפאַרקויף פון אַלע מינים אַלקאָהאָל אין דער גאַנצער געגענט, דאצי האָט ער געהאַט דעם מאַגאַזין פון דעם אין גאַנץ עסטרייך באַרימטן „אָקאָצשימער" ביר, און אַ צולאַג — אַ שענק מיט דעם איינציקן מאָדערנעם גאַסטהויז, מיט ווענט מיט אויסגעהאַנגענע בילדער פון די משפחה פון ווינער קייזערליכן הויף.

ר' שלמה האָט זיין געראַטענעם זון יושע, מיט זיינע נאָך מער געראַטענע שנור רוחמה, געהאַלטן ביי זיך אין הויז, ער האָט פון זיי געשעפּט פולע עמערם נחת.

פון צייט צו צייט, פלעגט דער פאָטער פון רוחמה ר' פלטיאל, דער שיינער מחותן פון ר' שלמהן, באַזוכן זיין טאָכטער און איידעם.

גייענדיק מיט דעם מחותן ר' פלטיאל אין גאַס, האָט שלמה זיך געפילט שטאַרק בְּכבוד און גלייכצייטיק פאַרגעשטעלט זיין מחותן פאַר יעדן וועמען ער האָט געטראָפן אין גאַס — דאָס איז ר' פלטיאל שוואַרצענבערג, דער גרויסער מיוחס און גרויסער תלמיד־חכם — מיין מחותן. שלמה איז אין דעם מאָמענט ממש אַריינגעפאַלן אין אַ אַזוי גערופענע „מ א נ י א ג ר א נ ד י אָ ז א".

אינצווישן זענען פארגאנגען יאָרען.

געוווינט האָט יושע מיט זיינע פרוי רוחמה אויפן שטאָק פון דעם גרויסן הויז אין סאַמע רינגפלאַץ, וועלכעס ר' שלמה האָט אויפגעבויעט.

זייער וווינונג איז באַשטאַנען פון אַ צימער מיט שווערע מאַסיווע שרענק, אַ גרויסער טיש אויף וועלכן עס איז געשטאַנען אַ שווערער נאַפט־לאָמפּ מיט אַ גרויסע קוגעל ארום, אַ שאַפע מיט הייליקע ספרים, מיט וועלכע יושע האָט זיך יעדן פרימאָרגן באַנוצט, אַ גרויסער מאַסיווער אויוון פון ווייסע קאַפלעס, אין דער זייט

אַ לאָקאַלער פּרימיטיווער טעלעפאָן וועלכער האָט פאַרבונדן אַלע צימערן פון ר׳ שלמהס הויז.

נעבן זייער חדר איז געווען די קוך וועלכע האָט באַדינט דאָס גאַנצע הויז־געזינד, אין אויך איז דאָרט געקאָכט און געבאַקן געוואָרן פאַר געסט — סוחרים, וועלכע האָבן געוווינט אין שלמהס האָטעל.

די ווענט פון דער גרויסער קוך זענען באַהאַנגען געווען מיט פאַרשידענע מעשענע און קופּערנע כלים, וועלכע ציגיינערס פלעגן ביי שלמהן פאַרקויפן אָדער פאַרבייטן פאַר אַ גלעזל משקה.

אין די קוך איז געווען אַ „אויפצוג" וועלכער האָט צו דעם גרויסן עסזאַל וועלכער איז באַקאַנט געווען אין דער גאַנצער געגענט מיט זיין נאָמען די „גרויסע שטוב", אַראָפּגעשיקט די געקאָכטע מאכלים פאַר די געסט.

דער זאַל האָט אויך געדינט פאַר קהלשע אסיפות, פּאָליטישע פאַרזאַמלונגען, אויך איז דער זאַל, דאָס איינציקע אָרט אין וועלכן די לעמבערגער טעאַטער־לייט פלעגן אויפפירן זייער „חינקע־פּינקע" אָדער אַ „מויד אַ פלאַם", מיט וועלכע זיי פלעגן כמעט יעדער יאָר באַשענקען דעם שטעטל.

די משרתים און קעלנערס, וועלכע האָבן געאַרבייט אין אונטערשטן שטאָק, האָבן די אויסגעלערטע כלים, ווידער דורך דעם זעלבן „אויפצוג" אַרויפטראַנספּאָרטירט צום רייניקן.

צווישן די פילע צימערן אויפן שטאָק, איז געווען אין אַ זייט וויט אָפּגעלעגען אַ קליין רעזערווע צימערל, וועלכעס איז געווען באַקאַנט אונטערן נאָמען, מיט אַ סעקסועלן אונטערשלאַק „חתונה צימער", אָדער ווי ר׳ שלמהס דערוואַקסענע אייניקלעך פלעגן עס צו רופן דאָס „יחוד־חדרל".

דאָס צימערל האָט געדינט פאַר ר׳ שלמהס קינדער און אייניקלעך, אַלס ערשטע נאַכטצימער נאָך דער חופה, וועלכע פלעגט פאָרקומען אין דער גרויסער שטוב.

אַלע צימערן אין הויז זענען געווען פאַרבונדן דורך אַן אייגענע איינגע־ריכטעטע וואַסערלייטונג, דאָס וואַסער אין די רערן איז געקומען פון אַ ריזיק גרויס פאַס וועלכעס איז געשטאַנען אויפן העכסטן אָרט פינעם הויז, דאָס פאַס פלעגט יעדן פרימאָרגן אָנגעפילט ווערן דורך אברהם וואַסערטרעגער, וועלכער פלעגט אויף זיינע דאַרע אַקסלען שלעפּן מיט זיינע „נאָשעס" דאָס וואַסער פון דעם גרויסן ברונעם, וועלכער האָט זיך געפונען אין סאַמע רינגפּלאַץ פון דער שטאָט.

ר׳ שלמהן איז שטאַרק געפעלן, פאַרבייפּורנדיק דורך דער גרויסער שטאָט פּ ר אַ ג, ביי זיין צוריקער פון דעם באַקאַנטן קאַרלסבאַד, וווהין ער פלעגט יעדעס יאָר, מעשה גביר — פורן זיך כלומרשט היילן, די גאַזלאָמפּן — וועלכע האָבן באַלייכטעט די דאָרטיקע האָטעלן.

נישט פיל טראַכטנעדיק, געקויפט אַ פּאָרציע זאַלכע לאָמפּן פאַר זיין אייגינעם האָטעל.

די נייע לאָמפּן האָבן באמת געמאַכט אַ שטאַרקן רושם אינעם שטעטל, עס איז לעכטיק ביי ר׳ שלמהן אין הויז ווי פון דער זון אין אַ תמוזדיקן טאָג, פלעגן די

שטעטישע צווישן זיך שמועסן, מען איז פון דער גאַנצער פּראָווינץ געקומען קוקן אויף דעם גרויסן וווּנדער.

ר׳ שלמהס הויזגעזינד איז דערווייל געוואַקסן אין דער לענג און אין דער ברייט, מיט יעדן יאָר האָט זיך זיין משפּחה מער פאַרשפּרייט, זין, טעכטער, איידעמעס, שנורן און צענליקער אייניקלעך פוןביידע געשלעכטער, אַלעם מיט אַלעמען האָט געלעבט אין זכות פון זייער גבירשן טאַטן־זיידן.

אַזוי ווי די הצלחה איז שלמהן נאָכגעלאָפן ביי אַלע זיינע טועכצן, ער פלעגט זיך צניעדיק באַרימען — אַז וואָס זיין האַנט באַרירט — ווערט דערפון גאָלד, אַזוי — מעשה שטן, האָט זיך דער מלאך פון הצלחה דערווייטערט פון זיינע זין און איידעמעס.

כמעט יאָר איין יאָר אויס, פלעגט ר׳ שלמה מוזן באַצאָלן פאַר די וועקסלען פון זיינע זין און איידעמעס.

ער האָט דאָס געמוזט טון, האָט ער זיך אַ מאָל פאַר זיין אַלטן באַקאַנטן אין יעצטיקן חבר ר׳ גדליה שרייבער אויסגערעדט זיין האַרץ.

ערשטנס האָט ער געטענהט, עס פּאַסט פּשוט נישט פאַר אַזאַ שיינעם ייד און אַ גביר דערציו, אַז מען זאָל אויף אים טייטלען מיט די פינגער, אַז זיין זון בערעלע, אָדער זיין איידעם ר׳ לוזער, וועלכער איז געווען אַ זון פון ר׳ פּנחס, דער געוועזענער ראש־הקהל פון זיין געוועזענעם רוסישן שטעטל, דער וועלכער האָט באַפוילן די כאַפּערס, און אויך שלמהן אַריינגעשטעלט אין דער רשימה פון פאַניעס זעלנער — האָבן אַנגעזעצט.

עס איז פאַר אים געווען אַ בושה, אַז מען זאָל זיינע קינדער נאָכשרייען, — פּלייטיניק אָדער אונזעצער.

פאַר דעם געדאַנק אַליין, האָט ער גרויס פּחד געהאַט — מען מוז דאָס אויך פאַרשטיין.

אין „קירים־לאַנד", איז אַ פּלייטיניק נישט געווען פון די מיוחסדיקע באַלעבאָסלעך, ווי אין פאַניעס מדינה איז געווען דער פאַל, דאָרטן ביי פאַניען האָט שלמה געזאָגט, איז געווען אַ באַנקראָט, געווי ווי צייגנווייטיק, אַז מען רייסט אַרויס דעם ווייטיקליכן צאָן ווערט לייכטער אויף די נשמה, דער קראַנקער ווערט געהיילט, ביי „קירן" פלעגן די יינגלעך אַזאַ פּלייטיניק, אָדער ווי מען האָט אַזאַ איינעם גערופן אויף גאַליציש לשון „ב א נ ק ר אָ ט י ר ט ע ר" די יאָרן דערגיין.

אויף שריט און טריט פלעגן חברה קליינוואַרג נאָכשרייען אָט איז דער „באַנקראָטירטער", זיי פלעגן אזא אומגליקליכן אַזוי לאַנג באַאַרבעטן, ביז ער האָט עוקר געווען פונעם שטעטל, אין די ווייב איז פאַרבליבן אַן עגונה אויף אייביגע יאָרן, אָדער זיי האָבן אים פּשוט משוגע געמאַכט און מען האָט געמוזט אים אַריינגעבן אין די לעמבערגער אַזוי גערופענע „פּיאַרען", דאָס איז דאָס באַקאַנטע גרויסע משוגעים־שפּיטאָל, פון וועלכן מען איז כמעט נישט אַרויס מער קיין לעבעדיקער.

אין די דאָזיקע „פּיארען״ פלעגן זיך אַרום דרעהען אַ דרייסיק-פערציק „קיסר פראנץ-יאָזעפס״ און אַ גרויסע צאָל „ראָטשילדס״.

די אַלע קראַנקע מענטשן, פלעגן אַזוי געהיילט ווערן, אַז זיי האָבן מער די שיין פון גאָטס וועלט נישט דערלעבט צו זעען, אויסער דעם, האָט ר׳ שלמה געזאָגט צו זיין חבר, אייגענטלעך — זענען דאָך זייערע הייזער, מיינע — זייער סחורה פאַר מיין געלט, וועלכעס זיי קוועטשן פון מיר ארויס, צי איך וויל צי איך וויל נישט.

אַז איך גיב נישט מיט גוטן, מוז איך זיי געבן מיט בייזן, זיי מאַכן מיר שקאַנדאַלען, און נישט איין מאָל האָט מיר מיין טאָכטער בילה רחל, שוין אויסגע-האַקט די שויבן.

וועלכער פון זיי דאַרף באַצאָלן אַ וועקסאלע — קומט צו מיר — טאַטע צאָל.

איז דאָך גלייכער זאָגט שלמה, אַז איך צאָל מיט גוטן, און שקאַנדאלן — און שאַ שטיל.

אַזוי זענען ביי ר׳ שלמהן פארגאַנגען יאָרן אין פריידן און ליידן, מער פריידן ווי ליידן.

יעדן מאָנטיק און דאָנערשטיק, אַ שמחהלע — היינט אַ ברית ביי אַ ניי געבוירן אייניקל, מאָרגן תנאים, איבערמאָרגן אַ בר מצווה, און באַלד האָבן זיך אָנגערוקט חתונות פון זיינע זינס און טעכטערס קינדער, אין אויך פאַרזעסענע בתולות פון דער משפחה.

ר׳ שלמהס גרויסע שטוב איז פאַרנומען געוועזן אפטערס מיט שמחות וועלכע זיינע קינדער האָבן געפּראַוועט, נאַטירלעך — אויפן חשבון פון זייער פאָטער, אפילו זיינע אייניקלעך האָבן פאַרשטאַנען ווי אַזוי פון זייער זיידן ארויסצובאַקומען מתנות.

אַז ר׳ שלמה איז סוף יעדן זומער צוריק געקומען פון קארלסבאַד, האָט ער מיט זיך מיטגעברענגט אַ גרויסן קאַסטן מיט פאַרשידענע מתנות, פאַר די פרויען זייד אויף קליידער, פאַר די מענער זייד אויף קאַפּאָטאָנעס, און אויך הויכע פלוש-פילצענע „היקעלס״ קאַפּעלושן, פאַר די אייניקלעך אַ קאַרלסבאַדער האַלצענע „פּעני״ מיט אַ פאַרגרעסערן גלאָז אין דער מיט, אין וועלכן מען האָט געקוקט מיט איין אויג כדי צו זעען בילדער פון דער שטאָט קאַרלסבאַד.

באַזונדערע ווערטפולע מתנות האָט ער געברענגט פאַר זיין שיינע מיוחסדיקע שנור פיגה רוחמה, אָדער ווי מען האָט זי אין שטעטל גערופן „רוחמיטשי שלומל׳ס״, און פאַר איר עלטסטן זון חיימטשי.

פון אַלע זיינע אייניקלעך, האָט שלמה דעם גרעסטן נחת געהאַט פון צוויי, פון דעם מיטעלסטן זון פון זיין איידעם ר׳ לאזער, חייזיקל.

ר׳ שלמה האָט צו דעם בחורל געהאַט אַן עקסטרע סענטימענט, ערשטענס — ווייל ער חייזיקל, איז געוועזן אויך דאָס אייניקל פון זיין געוועזענעם ראש-הקהל און יעצטיקן מחותן, דער עיקר אָבער האָט ער געשעפּט נחת פון חייזיקל, ווייל ער איז געוועזן אַן אויסנאַם פון כמעט אַלע זיינע אייניקלעך.

חייזיקל איז געוועזן אַ וויל-לערנער, און אַ בחור אויף וועלכן מען האָט געזאָגט אַז ער איז „תורה און סחורה מיט געפּוצטע שיכעלעך״, אַ בעקאַנט גאַליצישער פאַרגלייך פאַר נגידיש, חסידיש און ווויללערנערשע בחורימלעך.

אויך דאָס אייניקל היימטשי, דער זון פון רוחמה, איז געווען אַ לערנער און אַ חסידיש מאָדערן בחורל.

היימטשי איז געווען אריין געראָטן אין גאַנצן אין זיין מוטער, קערפּערלעך שיין געוואקסן, בלאָנדע זיידענע הערעלעך מיט צווי, ווי שטערן פונעם הימל אַרויסשיינענדיקע בלויע אייגעלעך, אַ פּנימל פון ווייסן אַלאַבאַסטער פון וועלכן עס האָבן זיך אַרומגעבאַמבלט צוויי קורצע געקרייזלטע בלאָנדע פּיאָלעך.

דער זיידע ר׳ שלמה איז פון די צוויי אייניקלעך געוואָרן מיט יעדן טאָג ברייטער ווי לענגער, ער האָט פון זיי געהאַט פולע קעשענעס מיט נחת.

צווישן זיך האָבן די צוויי בחורימלעך גוט געלעבט, אָבער טיף אין הארצן האָט געוואָלט תמיד, איינער דעם צווייטן איבערשטייגן.

אַן אמתדיקע קנאה פון תלמידי חכמים.

אַז חייזיקל האָט צורעכט געמאַכט אין משך פון פיר וואָכן די מסכת „מועד קטן״, האָט זיך היימטשי דאמיט שטארק איבערגענומען, און פּונקט געמאַכט די גרעסערע מסכת „חגיגה״, אין משך פון נאָר דריי וואָכן.

אַז חייזיקל האָט פאַר די שטעטלדיקע יונגעלייט — תלמידי חכמים, ר׳ שיעלע פרנקל, ר׳ מיכלע האַלבערשטאַם, ר׳ דוד דילער און אַנדערע, געזאָגט אַ פּילפּול און צוזאַמענגעפירט מזרח מיט מערב, האָט זיך היימטשע אַזוי שטארק איבערגענומען, אַז ער איז אַפּגעזעסן עטלעכע דאַנערשטיקע נעכט, און געקנעלט אין פאַרשידענע גמראָס מיט די תוספותן, מהר״ם און מהרש״א, ביז ער האָט געזאָגט אַ פּשטל, צוזאַמענפירנדיק מזרח מיט מערב, און אַלס צולאָג דרום מיט צפון.

ווען היימטשי איז געוואָרן אַ בר מצווה, האָבן זיך צו דער גרויסער סעודה פאַרזאַמלט אַלע שיינע יידן פונעם שטעטל.

היימטשיס צווייטער זיידע ר׳ פּלטיאל שוואַרצענבערג, איז צו דער שמחה געקומען מיט אַ ג אַ נ ץ רעגימענט קרובים, זיידענע יונגעלייטלעך מיט שאַרפע חסידישע מוהות, די עלטערע קרובים מיט נישקשרדיקע בייכלעך, אויף זייער גאונישע קעפּ, פוטערנע ספּאַדיקעס מיט אַרויס געשטארצטע יאַרמולקעס.

דער בר־מצווה־בחור, באַהאַנגען ווי גרויס ער איז געווען, מיט גאָלדענע זייגערלעך, בראַנזולעטן און סתם גאָלדענע תכשיטים, האָט געהאַלטן אַ שאַרפע דרשה, ביידע זיידעס פירן צווישן זיך אַ שאַרפן שמועס, זיין פאָטער ר׳ יושע און זיין מוטער רוחמה האָבן געקוועלט פול נחת פון זייער געראַטענעם תכשיט.

דער רב פונעם שטעטל הרב ר׳ ישכר דב, אַ גרויסער תלמיד חכם און דערצו אַ באַקאַנטער ״ר ב י״ פון טויזענטער חסידים, וועלכער פלעגט קיין מאָל נישט גיין צו זיינע באַלעבאַטים אויף זייערע שמחות, האָט דאָ ביי היימטשין געמאַכט אַן אויסנאַם.

דער רבי בכבודו, מיט זיין גאַנצער סוויטע גבאים, חסידים געקומען צו דער בר־מצווה סעודה פון דעם קליינעם היימטשי.

הערענדיק די שאַרפע דרשה פון חיימען, האָט דער רב, אַזוי איז געווען דער מנהג, כדי עס זאָל נישט שולט זיין אַן עין הרע, דווקא זיך מיט דעם קליינעם מפלפל געווען, און דווקא געוואָלט אים פאַקן ביי אַ טעות.

חיימטשי האָט אָבער אויף זיך געהאַט אַ גוט און דאָס אמתדיקע גמרא קעפּל, ער האָט זיך געדרייט ווי אַ פישל אין וואַסער, און זיך אַרויסגעדרייט פון דעם גרויסן פּלאָנטער אין וועלכן דער גרויסער בכבודיקער רב, האָט אים געוואָלט איינפּלאָנטערן.

אַזוי האָט זיך געלעבט, גימערט און געפּרוכפּערט ר' שלמהס הויזגעזינד אין נחת און פריידן, ביז גאָט האָט געמאַכט אַ מלחמה, און צעטריבן זיין פאָלק ישראל אויף אַלע פיר עקן אין דער וועלט.



אין דער באָסניש-הערצעגאָווינישער שטאָט סאַראיעוואָ, איז אין אַ שיינעם יולי-טאָג פונעם יאָר 1914, דורך דעם סערבישן סטודענט פּרינציפּ, דערשאָסן געוואָרן דער עסטרייכישער טראָנפאָלגער פערדינאַנד.

דער שאָס אין סאַראיעוואָ האָט דערשיטערט דאָס לעבען פון דער יידישער באַפעלקערונג אין דער עסטרייכיש-אונגאַרישער מאָנאַרכיע.

זייט דעם יאָר 1866, דאָס יאָר פונעם קריג צווישן עסטרייך-אונגאַרן פון איין זייט, און איטאַליע—דייטשלאַנד פון דער קעגנערישע זייט, זענען פאַרגאַנגען אַכט און פערציק שלום-יאָרן.

אין משך פון די דאָזיקע יאָרן, האָט זיך די יידישע באַפעלקערונג אין דער עסטרייכישער מדינה אונטער דער הערשאַפט פון דעם פאַנאַטיש קלעריקאַלן, אָבער גוטען קיסר פראַנץ יוסף, זייער רויק געלעבט און זיך שטאַרק עמאַנציפּירט.

ביז צו דעם טראַגישן שאָס אין סאַראיעוואָ, האָט געהערשט אין דער דאָזיקער מדינה פאַר די יידישע באַפעלקערונג אַ פּאַקטישע און אַ פּאָסיטיווע גלייכבארעכטיקונג, און ווען עס איז אינעם טאָג פונעם 28 יולי 1914, פאַרעפנט-לעכט געוואָרן דורך דעם קיסר, דער אַזוי גערופענער „מאַניפעסט" אַן מיינע פעלקער, האָבן די יידען אין גאַליציען, לייענענדיק דעם דאָזיקן „מאַניפעסט", פאַרגאָסן טייכן טרערן, נישט חלילה וואָס עס האָט דעם לאַנד געדראָאָט אַ קריג מיט זיינע נישט פאַראויסגעזעענע טרויעריקע פאָלגען, נאָר פּשוט — מחמת רחמנות אויף זייער אַלטן קיסר פראַנץ-יוסף, וועלכער איז געצוואונגען אויף זיינע אַלטע יאָרן, זיך צו ענגאַזשירן און צי פירן אַ קריג.

דער פּאַטריאָטיזם פון די יידן האָט זיך יעדן טאָג געשטאַרקט, יונג און אַלט זענען געלאָפן אין די מאָביליזירונג-שטעלעס, זיך צושטעלן צו דעם קריגסדינסט.

ר' שלמה איז שוין דאַמאָלס געווען אויפן עולם-אמת, אויך זיין זון ר' יושע האָט שוין נישט געלעבט, די געשעפטן אָבער, איבערהויפּט — דעם שענק און

האָטעל, זענען ווייטערגעפירט געוואָרן דורך זיין שנור רוחמה, מיט דער מיטהילף פון איר זונעלע חיימטשי, וועלכער איז שוין געווען אַ דערוואַקסן פירצניעריק בחור'ל.

באַלד אין די ערשטע טעג פונעם קריג, האָבן זיך אַ לאָז געטון דורך דעם שטעטל ציעשינאָוו, מיליטער פון פאַרשידענע מינים און פון אַלע עסטרייכישע פעלקער וועלכע האָבן געלעבט אויף דער עסטרייכיש־אונגאַרישע טעריטאָריע.

דאָס שטעטל איז געווען אַ גרענעץ אָרט און טאַקע נישט ווייט פון דעם שטעטל איז געווען דער עסטרייכיש־רוסישער „פראָנט".

עס האָט געהאַלטן אין אונאויפהעריקן מאַרשירן מיליטער — טאָג און נאַכט. באַלד האָט מען געזען ריקן אינפאַנטערי, נאָך זיי — אַרטילירי באַגלייט פון די באַרימטע עסטרייכישע אַריסטוקראַטישע קאַוואַלערי, אין וועלכע כמעט אַלע אָפיצירן זענען געווען פּרינצן, גראַפן, באַראָנען און אַזוי ווייטער.

אינעם דריטן טאָג נאָך דעם אויסברוך פונעם קריג, איז אין דעם שטעטל אָנגעקומען אויף דעם וועג צו דעם פראָנט, אַ גאַנצע בריגאַדע פון באַריטענע דראַגונער מיט זייערע גאָלדענע באַשלעגן אויף זייערע אויסגעפּוצטע מונדירן, און מיט פעדערן אין זייערע „צשאַקעס".

די דאָזיקע דראַגונער האָבן זיך צעלייגט אויסצורוען, אויף דעם גרויסן רינג־פלאַץ פונעם שטעטל, דאַקעגן די אָפיצירן האָבן זיך איינקוואַרטירט אין די פיינע יידישע הייזער.

אין פיגה רוחמהס הויז האָבן זיך איינקוואַרטירט צוויי אָפיצירן, איינער איז געווען אַן אייניקל פון קיסר פראַנץ יוסף, מיט זיין הויכן נאָמען און טיטל, אויבערלויטנאַנט פרינץ פאָןווינדישגרעץ, און דער חבר זיינער אַ ייד פון ווין מיט זיין אויך אַריסטוקראַטישן נאָמען, לויטנאַנט באַראָן פאָן ראָטשילד.

די צוויי יונגע אָפיצירן זענען געווען כלומרשט חברים, יעדנפאַלס האָט עס אַזוי אויסגעזען לפנים, אָבער וואָס עס האָט זיך אָפּגעשפּילט אין טיפן האַרץ ביים קאַטוילישן פרינץ בנוגע די כלומרשטע חברשאַפט צו דעם יידישן באַראָן, איז געבליבן זיין אייגענער סוד וועלכען ער האָט זיך אַ פּאָר טעג שפּעטער דורך אַ געטראָפענע רוסישע קויל, מיט גענומען אין קבר.

פון אַ צופעליק אונטערגעהערטן שמועס אין פאָרם פון אַ דיאַלאָג צווישן די צוויי אָפיצירן, וואָס איז פאַרגעקומען אין דער קעגנוואָרט פון דעם יידישן קעלנער פון רוחמים האָטעל — וועלכער האָט די צוויי אָפיצירן באַדינט, קען מען זיך מאַכן אַ בילד און פאַרשטיין, וויאַזוי די אמתדיקע קאָלעגיאַלע חברשאַפט צווישן די צוויי אַריסטוקראַטן האָט אויסגעזען.

דער פרינץ : היינט איז זונטאָג, היינט גייען מיר אין קירכע, ריכטיק?
דער באַראָן : איך נישט.
דער פרינץ : אהא — יודע.
דער באַראָן : איך בין שטאָלץ צו זיין אַ יודע.

דער פרינץ : איך וואָלט נישט אַזוי שטאַרק געוועזן צו זיין אַ יודע.

דער באַראָן: איך בין נישט זיכער, אַז אויך אין דיר פליסט יידיש בלוט.

דער פרינץ : גאָט באַהיט — איך בין אַ ריינער אַריער.

דער באַראָן: כמעט אַלע אַרישע אייראָפּעער שטאַמען פון יידען.

דער פרינץ : דאָס איז איבערטריבן.

דער באַראָן: אויך אייער גאָט, אין וועלכנס נאָמען איר באַליידיקט אונדז, שטאַמט פון יידן.

פּלוצעם אין מיטן שמועס, באַמערקט ראָטשילד אַז איינער פון זיינע שטיוול איז צעריסן, ער בעט דעם קעלנער, דעם צעריסענעם שטיוול גלייך צו געבן צו אַ שוסטער צו פאַררעכטן, ער ווינטשט זיך אָבער אַז דער שוסטער זאָל אים דעם פאַרראַכטענעם שטיוול אַליין צוריק ברענגען, ווייל ער וויל זעען, מיינט ער — מיט זיינע אייגענע אויגן, ווי עס זעט אויס אַ יידישער שוסטער פון אַ קליין גאַליציש שטעטעלע.

עס איז נישט פאַרגאַנגען אַ שעה צייט, און ר׳ דוד שוסטער האָט דעם פאַרראַכטענעם שטיוול אַליין צוריקגעבראַכט.

ראָטשילד האָט זיך שטאַרק פאַרוואונדערט אויף דעם שוסטער, אין דעם אמת געזאָגט, איז געוועזן זיך אויף וואָס צו פאַרוואונדערן.

ר׳ דוד שוסטער איז נישט געוועזן סתם זיך אַ שוסטערל, ער איז געוועזן אַ „שוסטער אויך״, אָבער דער עיקר איז ער געוועזן אַ ייד אַ שיינער, מיט אַ ברייטע באָרד, אין דערצו אַ חסיד און אַ שטיקל לערנער.

נישט קוקענדיק אויף זיין שוסטערישן פאַך, פלעגן די שיינע באַלעבאַטים אים טון אַ טובה, זיך נישט האַלטען אין דיסטאַנס פון אים ווי זיי האָבן זיך געוועגטליך פאַרהאַלטן קעגן אַנדערע באַלעמלאָכעס, און בעיקר קעגן שוסטערס.

דער באַראָן ראָטשילד, האַלטנדיק דעם שטיוול אין דער האַנט, האָט נישט געוואוסט אויף וועלכן פריער זיך צו וואונדערן, צי אויף דער גוטער און ריינער אַרבייט, צי אויף דעם ווי ער האָט זיך געטראַכט — ראַבאַנישן שוסטער.

ער האָט געהערט, אַז אין גאָר אַלטע צייטן, איז געוועזן ביי יידן אויך אַזאַ מין שוסטער, מען האָט אים גערופן ר׳ יוחנן הסנדלר, איז ער דורך דעם געוועזן גליקלעך, אַז ער האָט די זכיה מיט אייגענע אויגן צו זעען דאָס אָפּבילד פון דעם אַלטן שוסטער ר׳ יוחנן.

פאַר גרויס באַגייסטערונג, האָט ראָטשילד אַרויסגעצויגן פון זיין בריוונטאַש אַ באַנקנאָט פון פופציק קראָנען, דערלאַנגענדיק ר׳ דודן פאַר זיין אַרבעט.

ר׳ דוד האָט דאָס ערשטע מאָל אין זיין לעבן געזען אַזאַ גרויסע מטבע, פאַר וועלכער מען האָט דאַמאָלסט געקענט קויפן אַ קליין הויז.

אַרויסגייענדיק פון ראָטשילדס חדר מיט דעם באַנקנאַט אין דער האַנט, האָט ר׳ דוד נישט געוווסט פאַר וועלכן פריער גאָט צו דאַנקען, צי פאַר דער זכיה

פאַר וועלכע ער איז געווען מיט דעם לעגענדאַרישן ראָטשילד אַזוי נאָענט און אין איין שטוב, צי גאָר פאַר דעם גרויסן גליק, פאַר די פּופּציק קראַנען וועלכע ער האָט פון דעם באַראָן באַקומען.

באַלד האָט דאָס גאַנצע שטעטל געקלונגען און געגאַנגען כאַראַדאָס, דורך דעם דאָפלטן נייעם ערשטענס, אַז ראָטשילד געפונט זיך ביי פיגה רוחמה אין הויז, און דער עיקר האָבן די יידעלעך שטאַרק מקנא געווען ר' דוד שוסטערס מזל.

פאַר ר' דודן אַליין, ווי עס האָט זיך שפּעטער אַרויסגעוויזן, איז דער פּופּציקער נישט געווען שטאַרק מזלדיק, ווייל ערשטענס, האָט ער פּלעצלעך באַקומען אַ מענגע פריינד, און אַלע ווי איינער, אַפילו די באַלעבאַטים וועלכע זיצן אין שול אויף דער מזרח וואַנט, זענען מיט איין מאָל געוואָרן ר' דודס גוטע ברידער.

יעדער האָט געזוכט ר' דודן אַ טובה צו טון, אַ גוטע עצה צו געבן, ווי אַזוי בתכלית צו פאַרווענדן די דאָזיקע ריזיקע סומע געלט.

ר' דוד אַ ייד נישט קיין שוטה, האָט זיך געטראַכט — גוט אַזוי.

זאָלן זיי אַלע מיך חנפענען וויפיל זיי ווילן, אָבער „געלט" פון מיר — פּאַוואָליע מיטן דישל.

ער האָט זיך מיט שווערע מי געמוזט יעדן טאָג, פון זיינע נייע פריינד דערוויטערן, שטילערהייט האָט ער צו וויסן געגעבן דעם שטאָטישן באַנקיר ר' שיע קיגלער, ער זאָל צו אים אָוונט אַריינקומען אין שטוב.

דעם שטר ד. ה. דעם פּופּציקער, האָט ער איבערגעגעבן ר' שיען, אין דערפאַר האָט ער באַקומען אַ שיין קליין רויט ביכלעלע פון זיין באַנק.

ר' שיען איז דער פּופּציקער זייער גוט צו נוץ געקומען, ווייל עס האָט נישט לאַנג געדויערט, האָט זיך "פּאָניע" אַריינגעריסן אין "קירהס" מדינה, און אַלע יידן זענען געלאָפן ווו די פיס האָבן זיי געטראָגן, איינער קיין פּראַג, דער צווייטער קיין בודאַפּעסט אָבער בעיקר האָבן זיך די גאַליצישע יידן געפּילט נונט צו זייער ווין, און טאַקע דער גרעסטער טייל האָבן זיך אַ לאָז געגעבן קיין ווין.

ר' דוד האָט דאָס געלט מער פאַר זיינע אויגן נישט געזען, און עס איז אויך דאָס מאָל מקוים געוואָרן דאָס באַקאַנטע פאָלקסווערטל "ניע בילעש פּאָנעם איניע בענדשיעש פּאָנעם".

אויך רוחמה מיט אירע קינדער זענען געלאָפן מיט שרעק פאַר "פּאָניעס" קאָזאַקן.

דער עשאַלאָן וועלכער האָט געפירט קיין מערב, האָט אין אַ יעדן עסטרייכישן לאַנד אַראָפּגעזעצט אַ טייל "פליכטלינגע", אין בעמען, מערען, אונגאַרן, אָבער און נידערעסטרייך בורגענלאַנד, איבעראַל האָבן די געמיינדעס זייער העפלעך אויפגענומען די יידן.

אַ גרויסער טייל וועלכע האָבן געקענט באַווייזן אַז זיי באַזיצן גענוג קאַפּיטאַל, האָט מען אַריינגעלאָזט אין ווין.

רוחמה מיט אירע קינדער, און נאָך עטלעכע פאמיליעס אַנקומענדיק אין מיטן דער נאַכט אויף דעם "נאָרדבאַנהאָף" אין ווין, זענען דורך די דאָרטיקע פּאָליציי מיט די בלישטשינע שפיגל-בלעכענע "צשאקעס" אויף זייערע קעפּ, און שניייווייסע הענטשקעס אויף זייערע הענט, העפלעך נישט אַראָפּגעלאָזט געוואָרן פון די וואגאָנעס.

זיי, די פּאָליציי האָבן געהאַט אַ באַפעל דעם רעשט פליכטלינגע וועלכע האָבן זיך געפונען אין עשאלאָן, אָפּצישיקן אין אַ שטאָט מיט דעם קאמישן נאמען "ה א צ ע ן".

פּלוצעם האט זיך דערהערט אויף דעם וואקזאל אַ געוויין און אַ געשריי: מיר ווילן פאַרבלייבן אין ווין, נאָר אין ווין — נאָר אין ווין.

ניין — ניין, איר פאָרט קיין האצען, נאָר נאָך האצען האָבן די עלעגאנטע ווינער פּאָליציי העפלעך אָבער שטרענג געענטפערט.

אינצווישן, איז געוואָרן אַ גרויסע סומאטאָכע און פּאַניק.

די יידישע אנטלאָפענע פון גאליציען, האָבן אין די ערשטע צייט פונעם קריג, אין די אויגן פון די ווינער, אויסגעזען ווי אַ רחמנותדיקער אָפּגעברענטער קרוב, אמת טאַקע אַ ווייטער קרוב, אָבער דאָך א קרוב, האָט דורך דעם דער פּאָליציי פרעזידענט פון ווין באלד גרויס רחמנות באַקומען אויף די אַנטלאָפענע, ארויסגעגעבן אַ נייעם באַפעל, אַז ווער פון זיי קען אויפווייזן אז ער באַזיצט טויזנט קראַנען, מעג זיין אפילו אַ באַנק-ביכל אויף דער אויביגער סומע געלט, זאָל אומגעשטערט אריינגעלאָזט ווערן קיין ווין.

רוחמין האָט קיין געלט נישט געפעלט, זי האָט זיך באלד אַ כאַפּ געטון ביים בוזעם, אַרויסגעצויגן אַ פּעקל מיט עסטרייכישע טויזענטער קראַנען.

דאָס זעלבע האָט אויך באַוויזן צו טון דער שכן ר' משה הוניקסבערג, אגב אַ ייד אַ משכיל און אַ תלמיד חכם מיט זייער אַ חשובן פּאַרנעס, און נאָך מער פאַרצווייגטער חשובער משפחה.

דער דאָזיקער ר' משה, איז טאַקע געוואָרן שפּעטער דער מחותן פון רוחמה, און שווער פון איר זונדעלע חיימטשי.

די אַלע אַנדערע וועלכע האָבן נישט געהאַט אויפצווייזן אַזאַ סכום געלד, האָבן געמוזט זיך ווייטער שלעפּן ביז אין דעם באַקאַנטן מקום "ה א צ ע ן".

עס האָט נישט געהאָלפן קיין וויינען און בעטן. "נאך האצען — נאך האצען" האָט די פּאָליציי באַפוילן, א פייף פינעם צוג, און היידא קיין האצען.

דער באַגריף "האצען", איז אייביק פאַרבליבן ביי די גאליצישע יידן, אַלס גלות-אָרט פאַר פאַרשיקטע.

נישט ווייניקער ווי ביי די רוסישע יידן דער נאָמען און באַגריף "ס י ב י ר" איז ביי די גאליציאנער דער נאָמען און באגריף "ה א צ ע ן".

נאָך היינט הערט מען, בשעת אַ געקריגעריי צווישן גאַליצישע יידן, אַזאַ מין קללה, אוי טאַטע זיסער, "עך זאָל דעך שוין זעהען בקרוב אין האצען".

אריינקומענדיק ארום האלבער נאכט אין דער גרויסער שטאָט ווין, און נאָך אַ ביסל זיך אויסגלייכענדיק די מידע ביינער אין אַ חדרל פון ד' אויף ד', זענען געלעגן אויסגעלייגט ווי געפרעסטע הערינג אין אַ פאַס, רוחמים פאַמיליע און ר' משה האַניקסבערגס נאָך גרעסערע פאַמיליע, צוזאַמען אַ צוויי טיץ מענער, ווייבער אין קינדער, אַזוי איז מען געלעגן אין געהאַקטע צרות.

אַ פרעמדער קאָפּ אויף אַ פרעמדן בויך, אַ קלומפּן האָר פון אַ דערוואקסן מיידל אין די האַנט פון דערוואקסענעם בחור איר ליגענדיקן שכן.

דערווייל האָט גאָט געהאָלפן, און עס איז געוואָרן טאָג.

דער ערשטער געדאנק איז געווען צו דינגען אַ וווינונג. עס איז די צוויי פאַמיליעס באַלד געלונגען טאַקע צו דינגען אַ גרויסע וווינונג אין דעם אין ווין גוט באקאנטן יידישן צווייטן בעצירק "לעאָפּאָלדשטאט".

רוחמה מיט איר קומענדיקער מחותנתטע מאטיל, האָבן זיך באַלד אַרויסגעלאָזט אין די ווינער גאַסן, כדי צי קויפן פאַרשידענע נעטיקע צו דער נייער באַלעבאטישקייט כלים, מעבל און אַנדערע זאכן פאַר דער נייער ווירטשאַפט.

צוריקקערנדיק זיך צו דער נייער היים, האָבן די צוויי ווייבער אינצווישן פאַרגעסן דעם אַדרעס פון זייער ווינער וווינונג, בלאָנדזשנדיק אויף די ווינער גאַסן האָבן זיי זיך געווענדעט צו אַ פּאָליציימאַן וועלכער איז גראדע געשטאַנען אויף זיין פּאָסטן.

זאָגט נאָר הער פּאָליציימאַן, ווענדן זיי זיך צו אים.

אפשר ווייסט איר ווו מיר וווינען?

דער כלומרשט נארישער יעקע, האָט באַלד פאַרשטאַנען אַז די צוויי פאַרשווינטעס, בלאָנדזשען אין דער גרויסער פאַר זיי פרעמדער שטאָט.

ער האָט נאָר אַ פרעג געטון ווי זיי הייסן, זיי געלאָזט שטיין אַ מינוט אויף דער גאַס, אַריין איז ער אין נונטן הויז, טעלעפאָנירט צו די פּאָליציי.

נאָך אַ פּאָר מינוטן איז געקומען אויף אַן אויטאָ די רעטונגספּאָליציי, און זיי האָבן באַלד די צוויי חברהלייט אָפּטראַנספּאָרטירט אין זייער נייער היים.

פירנדיק די צוויי באַלעבאָסטעס אין אויטאָ, האָט דער פּאָליציימאַן אינצווישן מיט זיי גוט איינשטודירט אַז זיי וווינען אין צווייטן בעצירק, פעריינסגאַסע 4, אויפן דריטן שטאָק, ער האָט זיי נישט פריינגעלאָזט, ביז זיי האָבן געמוזט געדענקן זייער אַדרעס.

דערווייל איז אַרויס אַ נייער באַפעל פונעם קיסר פראַנץ יוסף, אַלע יידישע אַנטלאָפענע, אפילו אַזעלכע וועלכע באַזיצן נישט קיין געלט, האָבן אַ רעכט זיך צו באזעצן אין דער גאַנצער עסטרייך־אונגארישער מדינה, אַריינגערעכנט אירע ביידע הויפּטשטעט ווין און בודאַפּעסט.

באלד האָט זיך אָנגעהויבן אַ עולה רגל זיין, פון אַלע לאַגערן אין וועלכע די גאַליציישע יידן זענען ביז אצינד געזעסן.

אזוי — אז אין משך פונעם ערשטן קריגסווינטער, האָבן זיך פאַרזאמלט אין ווין איבער אַ פערטל מיליאָן גאַליציישע יידישע פליכטלינגע.

ווי דער שטייגער איז, האָבן זיך יידן באלד איינגעאָרדנט אין ווין ווי ביי זיך אין אַלטן בויבעריק אָדער פידאַיעץ.

קלויזן, שטיבלעך, מקוואות, רבישע־הויפן און אזוי ווייטער, עס האָט זיך אויך צו דעם גאַנצן קלאַפּער־געצייג נישט געפעלט די טראַדיציאָנעלע יידישע פרנסות, ווי שוחטים, מלמדים, קלעזמאָרים, בדחאנים און סתם קבצנים.

נישט זיך באַפרידיקט, וואָס איעדער פון זיי האָט פון דער מדינה באַקומען אַ חודשלעכע פענסיע, פון וועלכע מען האָט געקענט מאַכן אַ באַשיידן לעבן, האָבן זיך יעדן טאָג פאַרזאמעלט אין דער באַקאַנטע צירקוסגאַס, וו עס האָט זיך געפונען דער אַזוי גערופענער „פליכטלינגסאמט”, אין ווי אין אַ גרויסן הויף האָבן יעדן פרימאָרגן טויזנטער גאַליציישע יידן אָפּגענומען זייערע פענסיעס, אַנטוויקלט אַ מאַרק פון אַלעם גוטן.

מען האָט געטריבן כלומרשט אַ האַנדל אויף וואָס די וועלט שטייט.

דער האַנדל איז אָנגעגאַנגען מיט קויפן און פאַרקויפן פון מיטגעברענגטע זאכן פון דער אַלטער היים.

מיט דער צייט אָבער, האָבן די „ג א ל י צ י א נ ע ר”, דאָס איז געווען דער חוזק־נאָמען פון די גאַליציישע יידן ביי די ווינער, אָנגעהויבן צו טרייבן דעם אַזוי גוט און טרויעריק באַקאַנטן „קעטענהאנדל”.

דאָס איז געווען אַ באַזונדער מין האַנדל.
ראובן האָט פאַרקויפט שמעונען אַ וואַגאָן רייז, ווייַן אָדער שאָקאָלאַד, שמעון האָט דעם וואַגאָן סחורה ווייטער פאַרקויפט צו אַ צווייטן ייד, דער צווייטער צום דריטן, דער דריטער צום פערטן, און אַזוי אָן אַ סוף און אָן אַ ענדע.

יעדער האָט די סחורה פאַרקויפט מיט רווח.

דער לעצטער האָט ווייטער אָנגעהויבן פון אָנפאַנג, און אַזוי האָט זיך דער כלומרשטער וואַגן רייז, ווייַן אדער שאָקאָלאַד, געדרייט פון האַנט צו האַנט ביז סוף פונעם קריג, אין אַלע האָבן דערביי פאַרדינט.

דער פינאַל אָבער פון דעם „האַנדל” איז געווען „לא דובים ולא יער”, נישטאָ קיין בערן און נישט קיין וואַלד.

אין אמתן האָט גאָרנישט עקזיסטירט — נישט קיין וואַגאָן, נישט קיין רייז, נישט קיין ווייַן און נישט קיין שאָקאָלאַד.

זיי האָבן סתם געהאַקט אַ טשייניק, זיך געשפּילט אין סוחרייִ, ווי אין דער גוט באַקאַנטער „פּטיומקינס־הייזער”, אָדער זיינע נישט געשטויגענע און נישט געפלויגענע אייזנבאַן.

דערוויִיל האָט מען געמאַכט אַ לעבן, מען האָט געגעסן "מייסבראָט" און געבאַקן "מייסקוכן" דאָס הייסט, יידיש גערעדט, קוקורודזעברויט אדער קוקורודזע קוכען.

ווי באַקאַנט האָט אין ווין דאַמאָלס געהערשט אַ גרויסער הונגער, קיין אַנדערע פּראָדוקטן איז נישט געווען צו באַקומען, האָט מען זיך ערנערט נאָר מיט קוקורודזע.

ביי טאָג איז מען פערטון געווען אין דעם "קעטענהאַנדל", און ביי נאַכט האָט מען זיך פאַרזאַמלט צו דער איינגעבירגערטער קוקורודזע־סעודה.



די גאַליצישע בחורימלעך וועלכע זענען נאָך פרייַ געווען פון צו גיין צו דעם מיליטער, און אויך די יונגע מיידלעך, האָבן דערוויייל אויסגענוצט די געלעגנהייט, זיי האָבן מיט אַ געוואַלדיקן דורשט נאָך בילדונג, זיך אַ וואָרף געגעבן אין די ווינער שולן און הוכשולן.

שווער איז זיי די למודים נישט אָנגעקומען אין אויך נישט דאָס אויפגענומען צו ווערן אין די שולן.

ווי געזאָגט, האָט אין דער עסטרייכישע מדינה נישט עקזיסטירט ווי ביי "פּאָניען" אַ נומערוס־קלאַוזוס פאַר יידישע בירגער, צווייטנס — איז דאָס דייטשע לשון זיי נישט פרעמד געווען, עס איז ביי זיי געווען די צווייטע מוטערשפּראַך.

כמעט יעדער גאַליציאַנער בחור אָדער מיידל, האָט געדענקט אויסנווייניק האַלבע "שילער, געטע אָדער היינע", ביי יעדער געלעגנהייט האָט אַ גאַליציש מיידל אָדער בחור ציטירט "די גלאָקע" פון שילער, דעם "דיספּוט פון דעם רבי אונד מענך" פון היינע, און ועל כולם, די באַרימטע "ליידן דעם יונגען ווערטערס" פון געטע.

נישט איין סענטימענטאַל מיידל האָט פאַרגאָסן טייכן טרערן ביים לייענען די דאָזיקע האַרצבּרעכערישע פאַנטאַזיע.

דער גראַד פון דער אינטעלעקטואַליטעט פון אַ חתן־בחור אָדער אַ כלה־מיידל איז געפּרוווט געוואָרן, ווער עס געדענקט מער אויסנווייניק שירים, פון די אַזוי גערופענע "געדיכטע" פון די אויבן דערמאַנטע דייטשע דיכטער.

אויך חיימטשי האָט זיך אָפּגעגעבן אַ דין־וחשבון, ער האָט זיך געטראַכט, עס איז געקומען אַ פּאַסיקע צייט צו ווערן אַ דאָקטור, פּראָפעסאָר אָדער אפשר גאָר אַ דאָקטאָר־ראַבינער.

אַם לייכטסטן, האָט ער זיך געטראַכט, וועט אים זיין צו שטודירן אין אַ ראַבינער־סעמינאַר, ערשטענס — איז אים דאָס פאַך נישט געווען פרעמד, נאָך ביי זיך אין דער גאַליציאַנער היים האָט ער זייער פיל געלערנט פון די ראַבאַנישע תורות, צווייטנס, האָט ער זיך אין ווין געפונען אין אַ סביבה פון ראַבאַנישע לייט,

וועלכע עס האָט אים דורך דעם מער געצויגן צו לימודי-קודש דאָס הייסט, צו הייליקע ספרים און וועניקער צו נישט הייליקע ווי למשל: מעדיצין, טעכניק אָדער אנדערע וואָכעדיקע פאכן.

מיט אַ געוואלדיקן חשק און טעמפעראמענט, האָט זיך חיימטשי אַ נעם געטון צום לערנען, פאר מיטאָג האָט ער געלערנט אין דער גרויסער באקאַנטער "שיפשול" ביי רבי ישעהלע פירסט, דער רב פון דער דאָזיקער שול, נאָך מיטאָג אין דעם בארימטן ראבינער-סעמינאר פון פראָפעסאָר היות, דער הויפט ראבינער פון ווין.

כמעט דריי מיט אַ האלב יאָר האָט חיימל געלערנט און שטודירט יידיש וויסן, אין די צוויי לערן-מקומות וועלכע זענען געווען זייער באקאנט ביי די מערסטן טייל פון די גאליצישע יידן.

דער קריגס גאָט האָט אינצווישן געטון זיינס, געארבעט מעשים.

יעדער יאָר האָט די מלחמה אויפגעפרעסן מיליאָנען אומשולדיקע מענטשן, טאַטעס, זין, ברידער און שוואגערס זענען ווי פליגן געפאַלן אויף די פאַרשידענע פראָנטן.

די קריגסמיל האָט דורך דעם געמוזט הינטערן פראָנט אַרבעטן אָן אויפהער, זי האָט געארבעט טאָג און נאכט, יעדן חודש האָט מען גערופן אַנדערע צום מיליטער, די נייע זאָלן אויספילן די רייען פון די געפאַלענע.

אויך די רייע פון חיימל איז געקומען.

ויהי היום, אין אַ שיינעם שבת אין דער פרי, איז אין דער שטאָט ווין פאַרעפנטלעכט געוואָרן אַ באַפעל, אַז אַלע מענער געבוירן אין דעם און דעם יאָר, זאָלן תכף זיך צושטעלן צו דער אזוי גערופענער "מוסטערונג" דאָס הייסט, פאַר דעם פריזיוו.

חיימל, האָט זיך געפונען צווישן די, וועלכע האָבן זיך געמוזט שטעלן פאַר דער קאָמיסיע, פאַרלאָזן אין מיטן דרינען די שטודיום צו וועלכער ער איז געווען שטאַרק צוגעבונדן.

נישט קוקנדיק אויף דעם גרויסן פאַטריאָטיזם וועלכער האָט געהערשט ביי די יידן צו זייער קיסר, האָט חיימטשי טראָץ דעם נישט געהאַט קיין גרויסן חשק אַ וועגצולייגן זיין יונגן קאָפּ אויפן קריגס מזבח.

דורך דעם דאָזיקן באַשלוס, האָט חיימל אויף זיך גענומען אַ געוואַלטיקע פאַראַנטוואָרטונג און זיך אויסגעזעצט אויף די גרויסע געפאַר פון אַ "דעזערטער" דאָס הייסט אַ קריגסדינסט פ א ר ו ו י י ג ע ר ע ר אין מלחמה צייט, פאַר וועלכן עס דראָט טויטשטראָף אָדער אייביקע תפיסה, און טראָץ די גרויסע געפאַר, האָט ער זיך באַהאַלטן אַכט חדשים אויף אַן אָרט ווו עס איז געווען נישט לייכט אים צו געפינען.

# את חטאי אני מזכיר היום



בשנת 1916 הייתי תלמיד בבית ספר לרבנים בווינה. למרות ההקלות השונות אשר עמדו לזכות בה את תלמידי התיאולוגיה במדינת עסטרייך, מוכרח הייתי לפי החוק להתגיים לצבא, אולם התגייסתי רק באיחור של שנה.

בדומה לרבים אחרים, החלטתי לא להקריב את עצמי במלחמה זו אשר בה נראו כבר ניצניה של תורת הגזע הארי אשר צצה כבר אז בגרמניה ע״י הרמטכ״ל דאז הגנרל לודנדורף, שותפו של השטן היטלר ימ״ש.

לפי חוקי המדינה, מי אשר השתמט בזמן המלחמה משירות בצבא, עלול היה לסכן את נפשו באופן חמור מאוד, כי על כן אמר החוק: כל המשתמט מחובת הגיוס או משירות בצבא בזמן המלחמה, דינו דין מות או מאסר עולם עם עבודת פרך.

מכמה טעמים לא התגייסתי בזמן. א) רציתי לגמור את לימודי, ב) למרות הפטריוטיזם העיור של יהודי גליציה כלפי פרנץ יוסף, לא מצאתי לנכון להקריב את עצמי על מזבחם של זרים, כלומר, לא של עם ישראל. בעיקר, סמכתי על דברי

חז"ל שאמרו: כל טובתם של רשעים רעה היא לצדיקים (פסחים קג). והיות ששותפו של קיר"ה הטוב, היה הרשע ושונא ישראל וילהלם קיסר, לא ראיתי כל תועלת לבני ישראל לעזור בגופם ובנפשם לעם הגרמני לנצח במלחמה.

כרגיל, העמידו חוטאים כמוני בפני בית דין שדה (Feldgericht בלעז). בית דין השדה של חטיבתי היה בעיר סיגט.

ביום בהיר אחד, שמו שלשלות על ידי ושני חיילים חמושים העבירו אותי לבית הדין הנ"ל.

בפרוזדור הבנין הענקי חכיתי עד שנקראתי לעמוד בפני השופטים. בינתיים עברו שעות ודפיקות לבי לא הפסיקו לרגע, מחמת פחד הדין.

ראיתי בחצר הבנין, איך מובלים חיילים אשר נדונו למות, להוצאה להורג. הייתי כמעט בטוח שגם אותי ידונו לעונש זה, אולם ברגע שנכנסתי לאולם בית המשפט, אחזה בי מין רוח נבואה, הרגשתי מין הקלה תת־הכרתית בנשמתי, ועד היום אינני יכול לתת לעצמי הסבר להרגשה זו.

בדין ישבו 12 קצינים עם גנרל זקן בראש.

היושב ראש שואל אותי: למה לא התגייסתי בזמן? כלום נעלם ממני מהו העונש החמור אשר החוק מטיל על המשתמטים?

בדמעות בעיני עניתי: עקסלנץ! אחרי שקראתי את "יסורי האהבה של וורטר הצעיר" ("Die Liebesleiden des Jungen Werthers" v. Goethe.) שקעתי בעולם של רומנטיקה ובעולם שכולו טוב, שכחתי לגמרי שישנו עוד עולם אחר, כלומר, העולם הגשמי והמציאותי, עולם שאנשים הורגים בו זה את זה בלי לדעת למה ומדוע.

על הגנרל הזקן השפיע התרוץ שלי עד כדי כך שהתחיל לחייך (כנראה, שברגע זה זכר בעצמו את מעשי נעוריו), הוא נהפך תוך כדי דיבור מקטיגור לסניגור, פנה ליתר החברים ואמר: אנו רואים שיש לפנינו ענין עם אדם שכמעט עודנו ילד. דעתי היא לכן, להקל בדינו במידה האפשרית. הוא פקד עלי לעזוב את ההדר, ואחרי רבע שעה בערך, קראו לי כדי לשמוע את גזר דיני.

מענין, הרגש אשר תקף אותי ברגע שנכנסתי לאולם המשפט, לא בגד בי. בית המשפט הוציא גזר דין כדלהלן:

("Sie werden verurteilt zu zwei Monate Kerker. Jedoch im Falle ein tüchtiges verhaltens vor dem Feinde, wird Ihnen die Strafe teilweis oder gänzlich nachgesehen".)

"אנו דנים אותך לחדשיים מאסר על תנאי, אך במקרה של הצטיינות והתנהגות נאותה בפני האויב, ניתנת למפקדך הזכות לוותר על העונש, חלקית או בשלמות".

השתדלתי כמובן להיות חייל טוב ומסור לתפקידי, אבל רק במשרד ולא בחזית, וזכיתי בשני דברים: א) קבלתי באותה השנה מחיקת העונש (Amnestie בלעז), ב) וזה העיקר, הצלחתי ב"ה לצאת מהגיהנום הזה שנקרא מלחמת העולם הראשונה, בריא ושלם.



אין דער גאַליציִשער מדינה, איז אַרומגעגאַנגען אַ פֿאָלקסווערטל אַז דאָס "קריגעלע טראָגט מען אַזוי לאַנג, ביז עס רייסט זיך אַרונטער דאָס אויער".

היימטשי איז אַזוי לאַנג געווען פֿאַרשטעקט, ביז אין אַ שיינעם טאָג האָט מען אים געפּאַקט, אַריינגעוואָרפֿן אין תּפֿיסה, און צו מאָרגנס אים איבערגעפֿירט צו דעם אין זייער פּאָפּולערן אָרט, וועלכעס איז געווען אַ צענטראַלע פֿאַר דער גאַנצער מאָנאַרכיע צו פֿאַבריצירן קאַנאָנענפֿלייש.

דאָס אָרט איז געווען אַ הויפּט "מוסטערונגסאַמט", און האָט זיך געפֿונען אין דעם דריטן באַצירק אויף דער "לאַנדשטראַס־הויפּטשטראַסע".

די קאָמיסיע איז באַשטאַנען פֿון העכערע אָפֿיצירן מיט אַ דאָקטאָר בראָש, וועלכער האָט אויסגעזען אין היימלס אויגן, צו זיין נישט קיין קליינער שונא־ישראל.

דער דאָקטאָר האָט היימטשין באַטראַכט און באַטאַפּט מיט בייזע אויגן, אַ טאַפּ אַ הין אַ טאַפּ אַ הער, אָפּגעפּסקנט קורץ און שאַרף "ט וי ג ל י ך", דאָס הייסט ראוי צו זיין פֿרואים יוסלס סאָלדאַט.

היים איז באַלד געוואָרן אַ סאָלדאַט פֿון סאָלדאַטנלאַנד, מיט אַ פֿעדער און פּאַטריאָטישע בלעכלעך אין דער טשאַקע, מיטגעזונגען דייטשישע מיליטער לידער ווי "שעהן זינד די מעדכען צווישן 17 אונד 18 יאַהר".

אַ חודש האָט מען היימלען געלערנט די תּורה פֿון האַרגענען מענטשן, מען האָט אים צוגעטיילט צו אַ קאָמפּאַניע וועלכע איז באַשטימט געווען צום איטאַליענישן פֿראָנט.

פֿון דער ערשטער רגע האָט היימל באַקומען חן אין די אויגן פֿון זיין קאָמענדאַנט, וועלכער איז געווען אַ ייִד מיטן ציווילן נאָמען דר. עפּשטיין, אַ ווינער אַדוואָקאַט, און זייער אַ איידלער מענטש.

אַ טאָג פֿאַר היימלס אָפּמאַרשירן אין דער פֿראָנט, האָט ער באַקומען אַ זעקס שעהדיקן אורלויב בכדי ער זאָל זיך געזעגנען מיט זיין משפּחה און פֿריינד.

זיין מוטער פֿיגה רוחמה מיט אירע יונגערע קינדער, האָט מען אינצווישן צוריק געשיקט אין דער פֿון די רוסען באַפֿרייטע היים, געבליבן אין ווין זענען נאָר די, וועלכע זייערע היימען זענען נאָך באַזעצט געווען פֿונעם שונא, אָדער גאַנץ פֿאַרברענט.

מיטן דער נאַכט, איז דער מיליטערצוג אין וועלכן היימל האָט זיך געפֿונען, באַגלייט פֿון אַ מיליטער אָרקעסטער און פּאַטריאָטישע דרשות, פֿון אַ עוואַנגעלישן קאַטוילישן און ייִדישן גייסטליכען, אין מיט "ה ו ר א" אויסגעשרייען, אָפּגעפֿאָרן אויפֿן פֿראָנט אין דער ריכטונג קיין איטאַליען.

די באַנגלייזע האָט געפירט ביז צו דער איטאַליענישע שטאָט אודינע, וועלכע איז געווען באַזעצט פונעם עסטרייכישן מיליטער.

פון אודינע און ווייטער איז אַלעס געווען צעשטערט, פאַרברענט און פאַרוויסט דורך די מלחמה־אָפּעראַציעס וועלכע זענען געפירט געוואָרן צווישן די צוויי פיינטליכע אַרמייען.

פון דער שטאָט אודינע ביז צו דעם פראָנט, איז געווען אַ מהלך פון צען־צוועלף קמ. וועלכע מען האָט געמוזט גייען צו פוס אויסשטייענדיק דערביי גרויס געפאַר.

די ביקסן און קאַנאָנען קוילן האָבן געפייפט איבער די קעפּ פון די מאַרשירענדיקע סאָלדאַטן, און נישט איינער פון די אומגליקלעכע איז געבליבן ליגן מיט אַ צעשפּאָלטענעם קאָפּ און נישט דערלעבט צו זעען פאַר זיך דעם אמתדיקן פראָנט.

פון דעם ערשטן "דונער" וועלכן חיימל האָט דערהערט, וועלכער איז געקומען פון יענער זייט פראָנט, איז חיימל פאַר גרויס שרעק קראַנק געוואָרן, ער האָט באַקומען אַ שטאַרקן שילשול, גערופן האָט מען די קראַנקהייט "דיזענטעריע" וועלכע איז געווען זייער אַנשטעקנדיק פאַר אַנדערע, דערפאַר האָט מען אים געמוזט צוריק שיקן אין דער שטאָט אודינע, צי היילן אים אין דעם דאָרטיקן פעלדשפּיטאָל.

די מיליטער לאַגע האָט זיך אינצווישן אויף דעם מעריב־פראָנט פאַרערגערט, מען האָט לאַנגזאַם אָנגעהויבן אַלעס אָפּצושיקן קיין מזרח.

צי חיימלס גליק, איז נאָך דעם ווי ער האָט זיך געפונען עפּעס ווייניגער ווי צוויי וואָכן אין שפּיטאָל, געקומען די רייע פון זיין שפּיטאָל צו עוואַקואירן זיך אין דער ריכטונג קיין מזרח.

אינעם שטעטל לובאַטשאָוו, וועלכעס ליגט בסך הכל זיבן קילאָמעטער ווייט פון חיימלס געבורטסאָרט, איז געווען אַ אזוי גערופענער "עפּידעמיע־שפּיטאָל", געהיילט האָבן זיך דאָרטן, סאָלדאַטן פון אַלע פראָנטן וועלכע זענען קראַנק געוואָרן אויף פאַרשידענע אַנשטעקנדיקע קראַנקהייטן, טיפוס, כאָלעריע, דיזענטעריע און אַנדערע.

חיימל מיט זיין געזונטן חוש האָט פאַרשטאַנען, אַז ווען עס זאָל אים געלונגען זיך אַריינצובאַקומען אין דעם דאָזיקן שפּיטאָל, קען אים אפשר אויך געלינגען איבערצולעבן דעם קריג.

אַ באַזונדער מזל האָט חיימלן באַגלייט תמיד ווען ער האָט זיך געפונען אין אַ נויט, כמעט באַלד אין דער לעצטער מינוט איז אויף אים געקומען א ישועה.

געקלערט און געטראַכט און זיך דערטראַכט, אזוי אַז דער הויפּטדאָקטאָר האָט אים געמוזט שיקן אויף ווייטערע היילונג אויסגערעכנט, און דווקא אין דעם שפּיטאָל וועלכעס האָט זיך געפונען אַזוי נאָנט פון זיין היים.

חיימטשי האָט קיין טעות נישט געהאַט, עס איז געווען אַ באַפעל, אַז אלע סאָלדאַטן וועלכע זענען אין דעם דאָזיקן שפּיטאָל געהיילט און צוריק געזונט געוואָרן, איז פארבאָטן זיי נאָך אַ מאָל צו פאַרווענדן אויפן פראָנט, נאָר זיי אלס "אימונע" דאָס הייסט, אויף וועלכע אן אנשטעקנדיקע קראנקהייט האָט מער נישט קיין שליטה, צו באַנוצן אלס קראַנקן ברידער אָדער אַנדערע ארבעטן צווישן די עפּידעמישע קראַנקע סאָלדאטן, וועלכע זענען טאָג-טעגלעך פון אַלע פראָנטן אהער געשיקט געוואָרן צום היילן.

חיימל איז באַלד אינעם שפּיטאָל געוואָרן אַ גאַנצער כל ולך.

אַלס אַ פּקיד אין דער שפּיטאָל קאַנצעליי האָט ער אָפּגעדינט זיין קיסר "ק י ר ה", ביז דער ביטערער קריג האָט זיך געענדיקט און דאָס לעגענדארע "קירה-רייך" האָט אויפגעהערט צו עקזיסטירן.



אַזוי ווי אַ פלעצלעכע "לקוי-חמה" אין א שיינעם העלן זומערטאָג, האָט דאָס נייעס פון דעם אויפקום פון דער פּוילישער "רזשעצשיפּאָספּאָליטא" געווירקט אויף דעם נפש פון דעם גאליצישן ייד.

דאָס געפיל פון די יידן אין גאַליציען, האָט זיך מיט אַ מאָל געענדערט, מען האָט זיך באַטראַכט ווי א מין ארופּגעקומענער מיוחס, פון וועלכע די הויכע געזעלשאַפט האָט זיך פון זיי דערווייטערט און אָפּגעשיידט, און די נייע חברה פּראָסטאַקעס, זענען אים נישט צום הארץ, אונטער זיין כבוד מיט זיי צו פירן חברשאַפט, בעיקר דאָס פרעמד און ווייטיקייט צווישן זייער קולטורניווא און ארט לעבן.

אַס טרעפלעכסטן האָט ר' שמחהלע דעם דיינס דעפינירט דעם גייסטיקן און פיזישן איבערגאַנג פון די גאליצישע יידן אין זייער נייער פּוילישער מדינה.

אַ שיינעם בייט האָבן מיר געמאַכט, האָט זיך ר' שמחהלע אין בית המדרש אויסגעטענהט מיט דעם רבונו של עולם.

האָסט ביי אונדז טאַטעניו זיסער, אָפּגענומען פראַג און געגעבן קראַשניק, מיר האָבן פארלוירן בודאַפּעסט און געפונען פּראַמפּאַל, פאַרטאַכליעוועט ווין מיטן קיסר, און זיך איינגעהאַנדלט כעלם מיט אירע באַקאַנטע חכמים.

אין דער אמתן זענען די גאליצישע יידן אין דער ערשטער צייט זייער נישט צופרידן געווען פון דעם בייט, אין דאָס מחמת פיל טעמים וועלכע זענען איבעריק אויפצוציילן.

דער הויפּט־טעם איז, איידער "יאשע" האָט זיך נאָך געפילט אלס רעכטער באַלעבאָס פון דער גאַליצישער מדינה, האָט ער גלייך געוויזן וואָס ער קען, איין פּאָגראָמל האָט געמאַכט פּלאַץ דעם צווייטן, א ייד האָט פּליצעם פאַרלוירן זיין פּריוואַט נאָמען, פאַר יאשע חם, איז געווען אַ קאָלעקטיווער נאָמען פאַר אלע יידן.

אין דעם אויפגעקומענעם פּוילן, איז קיין אנדערער נאָמען פאַר א ייד נישט געווען ווי נאָר "פאַרשיווע זשידזשע". דאַמאָלסט האָבן יידן פאַרשטאַנען דאָס וואָס די חכמים האָבן א מאָל געזאָגט "בעסער צו זיין א ווידל צו א לייב, איידער א קאָפּ צו א פוקס".

די ליבע "יאשקעס" האָבן די יידן נישט נאָר געלאָזט זיין אַ קאָפּ, אפילו א קליינעם ווידאַלע צו זיין האָבן זיי געשטערט און פאַרשפּאַרט דעם וועג.

אינעם טאָג ווען די "קירישע מדינה" איז זיך צעפאַלן, האָט זיך אונדזער העלד חיימטשי געפונען ביי זיין טעגלעכע אַרבעט.

נישט אנענדיק וואָס קומט פאַר מחוץ דעם שפּיטאָל, האָט חיימל ווי יעדן פרימאָרגן ווי ער איז עס געוווינט געווען, געפּרוווט ארויסצוגיין דורך דעם גרויסן טויער, זיך צו באַטייליקן אין זעלנערישן בת־המדרשל, וועלכעס איז געלעגן אויף דער צווייטער זייט גאַס, אלס צענטער צום מנין.

ווי גרויס אָבער איז געווען זיין איבעראַשונג, באַמערקנדיק א חברה יונגע שקצים אין ציווילע קליידער, אלטע ביקסן אויף זייערע אקסלען, מיט ווייסרויטע קאָקאַרדעס אויף זייערע דאשקעס, שכור ווי לוט, שלענגלען זיך מיט אונזיכערע טריט און דערנענטערן זיך צו אים.

נישט פרעגנדיק קיין שאלות, האָבן זיי ארופגעריסן פון היימלן די קייזערלעכע קאָקאַרדע פון זיין סאָלדאַטסקי היטל, און אויף דעם זעלבען אָרט אָנגעשפּילעט א ווייס־רויט בענדעלע מיט א בלעכענעם אָדלער, וועלכער האָט באַלד מיט זיינע בייזע רוצחישע אויגן אַדורכגעשטאָכן חיימטשין דאָס האַרץ.

חיימלס געזונטער אינסטינקט האָט אים באַלד אַרויפגעפירט אויפן ריכטיקן וועג, ער האָט זיך באַלד אָריענטירט אין דער פאַקטישער לאַגע, מאַכענדיק אַ גוטע מינע צום בייזן שפּיל, ארייַנשטעקענדיק זיין האַנט אין די הענט פון אַ יעדן שגץ באַזונדער, מיט כלומרשט א צופרידן שמייכעלע, דאַבײַ א וואַרטשע געטון "טשעשיץ בראַצי" און מיט א צולאָג "ניעך זשיע פּאָלסקאַ".

דער מזלדיקער געדאַנק האָט באמת חיימל אָפּגעראַטעוועט פון פאַרשידענע צרות וועלכע אַנדערע יידישע סאָלדאַטן זענען אין די ערשטע איבערגאַנגסטעג אויסגעשטאַנען.

חיימל איז אין דעם בית־המדרשל שוין נישט געגאַנגען, זיך אומגעקערט אין די קאַזאַרמעס מיט זיין פּוילישן צייכן, שנעל אריין אין זיין צימער, איינגעפּאַקט זיין ביסל אָרימקייט, מיט שנעלע טריט פאַרלאָזט די לעצטע עסטרייכישע טעריטאָריע אויפן וועג צו זיין געבורטשטעטל ציעשינאָוו.

אריינקומענדיק אינעם שטעטל מיטן גאַנצן אוניפאָרם, נאָר שטאַט מיט די אַלטע עסטרייכישע צייכענס אַ פוילישן ווייסן אָדלער, איז ער פון די היימישע מעשטשאַנעס זייער בכבודיק אויפגענומען געוואָרן, זיי זענען געווען שטאָלץ אַז היימטשי איז כלומרשט אַ גוטער פוילישער פּאַטריאָט.

ער האָט ביי זיי שטאַרק מוצא חן געווען, פּערזענלעך האָט ער וועניק געפילט זייער ברוטאַלע שנאה ווי אַלע אַנדערע שטעטלדיקע יידן.

זיי האָבן מיט אים שטאַלצירט און געהאַלטן אים כמעט ווי אַן אייגענעם, עס איז נאָר אַ שאָד פלעגן זיי צו אים אופנהאַרציק טענהן וואָס ער איז אַ ייד, און גלייכצייטיק אים דורך פאַרשידענע קאָמפּלימענטן און חניפה אויפגעוויזן אַז אים האָבן זיי נישט פיינט.

אזוי האָט היימל אַ דורכשפּאַצירט די "מלחמה" נומער איינס.



פאַרלאָזט האָט היימל אים יאָר 1914 אַ היים אַ באַלעבאַטישע, אַ נגידישע מיט אַלעם גוטן, ווען ער האָט זיך אים יאָר 1918 צוריקגעקערט אין זיין היים, האָט ער געפונען נישט קיין היים, נאָר אַ חורבן, אַ מדבר.

פון אַלע הייזער אינעם שטעטל, צווישן זיי אויך רוחמהס הייזער, איז כמעט גאָרנישט פאַרבליבן, פאַרברענט, צושטערט — אַלעס איז געלעגן אין אַ באַרג מיסט.

מיט שווערער מי איז היימל געלונגען אויסצורייניקן אין איין הויז פון רוחמים הייזער אַ חדר, אין וועלכן זי האָט געוווינט מיט אירע קינדער, און וועלכעס האָט אויך געדינט פאַר אַ גאַסטצימער און שענק-שטוב.

אַ דאַנק היימלס גוטע באַציונגען מיט די נייע פוילישע באַלעבאַטים, איז אים געלונגען צו באַקומען פון די נייע נאַטשאַלסטווע אַ ערנייערונג אויף זיין מוטערס געשעפטן.

אין דעם דאָזיקן קליינעם חדרל, האָט מען אָנגעהויבן דאָס לעבן פון בראשית, אין נייע באַדינגונגען, מיט נייע געזעצן און נייע מענטשן, וועלכע זענען די יידן גייסטיק פרעמד געווען.

דער מצב פון די יידן איז געוואָרן קאַטאַסטראָפאַל, עס האָט געהערשט פאַרשידענע עפּידעמישע קראַנקהייטן, דער ווידערשטאַנד פון די קראַנקע אַ קעגן דער קראַנקהייט איז מיט יעדן טאָג שוואַכער געוואָרן מחמת דעם גרויסן הונגער וועלכער האָט געהערשט אין די יידישע היימען.

דער גרעסטער טייל, האָט געוווינט כמעט אויף דער גאַס אונטערן פרייען הימל, און ווען נישט די באַלדיקע גרויסע הילף וואָס דער "דשוינט" פון אמעריקע, וועלכער האָט זיך נאָכן קריג באַוויזן אין די גאַליציישע יידישע הייזער, וואָלט דער גרעסטער חלק פון די יידישע באַפעלקערונג געוועזן אומגעקומען.

אויך די באַציונגען צווישן די גאַליציישע יידן מיט זייערע נייע פוילישע שכנים זענען געוועזן זייער נישט קיין נאָרמאַלע.

דער גרעסטער טייל פון דער פוילישער באַפעלקערונג האָט באַלד פון דער ערשטע רגע פון דער מאכט איבערנאַמע, ארויסגעוויזן אַ זאָלאָגישע און סאַדיסטישע שנאה צו דעם יידישן טייל בירגער וועלכן זיי האָבן איבערגענומען פון די עסטרייכישע ירושה, און וואָס מער דער ייד האָט זיך באַשטרעבט צוצופאַסן צו דער נייער לאַגע, צו דינען זיין ניי פאַטערלאַנד און צו זיין אַ גוטער און ערלעכער זון פון פוילן, האָבן די נייע מאַכטהאָבערס זיי ברוטאַל דערוויטערט, באַליידיקט, באַשוועררט זייער עקאָנאָמישן באַשטאַנד און פון צייט צו צייט מכבד געוועזן מיט אַ פּאָגראָמל.

גאַליציען ביז צום טייך "ס אַ ן", האָט אָפיציעל נישט געהערט צו פוילן, טראָצדעם אַז דער פויליש-אוקראַינישער קריג איז אויסגעבראָכן און די פּאָלאַקן האָבן נישט געזעצליך מאָביליזירט יונגע יידישע בחורים אויך פון דעם זיי נישט געהעריקן טייל גאַליציען, האָט דער גרעסטער טייל פון די בחורים נישט פּראָטעסטירט, נאָר ווי גוטע געטרייע פוילישע בירגער, אָנטייל גענומען אין דער באַפרייאונג פון גאַנץ גאַליציען ביז צום טייך "פּ ר ו ט".

אויך חיימל האָט נישט פּראָטעסטירט ווען זיינע שטעטישע פוילישע חברים האָבן אים ארויסגענומען אין מיטן דער נאַכט פון זיין היים, און מיט אַ גרופּע פון יידישע בחורים איבערטראַנספּאָרטירט אין די זעלבע קאַזאַרמעס אינעם שטעטל לובאַטשאָוו, אין וועלכן חיימל האָט ערשט פאַר פינף וואָכן געענדיקט דעם קריג נומער איינס.

דעם אמת געזאָגט, האָבן זיך זיינע נייע מיליטער קאָלעגן קעגן אים זייער גוט פאַרהאַלטן.

ביי דער ראַנגע וועלכע ער האָט זיך מיטגעבראַכט פון דער עסטרייכישע אַרמע, האָבן זיי אים געלאָזן, אפילו אים באַלד מכבד געוועזן מיט נאָך אַ גרעסערע ראַנגע, אים באַהאַנדלט מיט גרויס טאָלעראַנץ כמעט ווי אַן אייגענעם.

דער געוועזענער ישיבה-בחור האָט זיך באַלד ארויסגעצויגן פון זיין ביזהעריקן דייטשישן קולטורקרייז, אין וועלכן ער איז געוועזן מיטן קאָפּ און מיט די פיס ווי אין די מ"ט שערי טומאה אריינגעטון, זיך באַלד אָריענטירט אין דער נייער ווירקלעכקייט, זיך מיט זיין שאַרפן טעמפּעראַמענט אַ נעם געטון צו „מיצקעוויטש — שיענקעוויטש", און אין אַ קורצער צייט, איז ער געוואָרן אַ פּאָליאַק פון משהס גלויבן מיט אַלע פּיטשעווקים און כולעווקים.

די גוישע חברים האָבן פון אים געשעפּט נחת.

ביי יעדער געלעגנהייט האָבן זיי זיך בארימט מיט „נ א ש ה י י מ ט ש ו״ אלס מוסטער אים פאַרגעשטעלט פאר דעם גענעראל, וועלכער האָט אָרגאניזירט דעם אָנגריף אויף די אוקראינער אין וועלכן די אפּטיילונג היימלס האט זיך באַטייליגט.

אין א געוויסן פּרייטיק צו נאכט, ארום צוועלף אַ זייגער, אַ טרומפּייטער־ליארם אין די קאַזארמעס, געמישט מיט רעגן און שטורם.

אין דרויסן איז א פינצטערניש ממש ווי אין פרעהס צייטן, נאַס, קאַלט און פויל. אַ ציטער גייט א יעדן דורך אין די ביינער שטייענדיק אין רייע מיט שק און פּאַק.

דער גענעראל האלט אַ פּאטריאָטישע דרשה, מען זינגט דאָס אזוי גוט באַקאַנטע ליד ״יעשטשע פּאַלסקאַ״, און באלד אַ באַפעל ״מ אַ ר ש״.

דער אָנגריף קעגן די היידאמאקישע באנדעס וועלכע זענען געפירט געוואָרן פון דעם טרויעריק באקאנטן באנדיט פּעטלורע, האָט זיך אָנגעהויבן.

די פּעטלורע־העלדן האָבן באוויזן זייער גבורה נאָר קעגן אונבאַוואָפנטע און אומשולדיקע יידן, אָבער ווען די גרויסע גבורים און נאָך גרעסערע שונאַ־ישראל, האָבן דערהערט דעם ערשטן שאָס פון דער קעגנערישער זייט, פלעגן זיי זיך צעלויפן ווי די מייז, אויסלאָזנדיק זייער כעס אויף די אומשולדיקע יידן.

חיימל האָט זיך אזוי שטאַרק איבערגענומען מיט דעם וואָס זיינע אויגן האָבן געזען, כאָטש זיינע פּאָליאקעלעך זענען אויך נישט געוועזן גרויסע צדיקים, אויך זיי האָבן געשלאָגן, געשווירן יידישע בערד, גערויבט און באליידיקט, אָבער צו די מעשים פון די כאמישע אוקראינער איז עס נישט געקומען.

נישט ווייל חס וחלילה אַז „יאשע״ האָט דעם ייד ליבער געהאט ווי „ניקיטע״, פּשוט דערפאר, ווייל אין דער פּוילישער ארמע האָבן געדינט פיל יידן, און נישט תמיד האָט ״יאשע״ געקענט אין דער קעגנווארט פון אַ יידישן אָפיציר, אונטער־אָפיציר אָדער אפילו קעגן אַ פּשוטן סאָלדאט טון מיט אַ ייד דאָס צו וואָס זיין ״שלאכעצקי״ הארץ האָט געגליסט.

אין יעדן מזרח־גאליצישן שטעטל וועלכעס איז פון די פּאָליאקן באַזעצט געוואָרן, איז די ערשטע אויפגאַבע געווען, שטאט ארויסצוזוכן די שפּיאָנען און אוקראינישע באַנדעס וועלכע האָבן מיט געווער אין דער האַנט געקעמפט קעגן זיי, צו זוכן אין די יידישע הייזער כלומרשט טריפנע סחורות.

בעת אזא קאָנטראָלע, פלעגן די ״כלופּצעס ימ״ש״ צו נעמען אלעס וואָס הייבט זיך אָן מיט אַן ״א״, א זילבערנעם שבת־לייכטער, א חנוכה־לעמפּל, א בעט־דעקע, א פוטערנעם פּעלץ וכדומה.

נאָך אזא קאָנטראָלע אינעם שטעטל קאליש, האָבן חיימלס חברים צו גערויבט ביי דער פאמיליע ראָזנבוים, אלעס וואָס איז זיי געקומען אונטער דער האנט.

חיימלס האַרץ האָט געטריפט מיט בלוט, ווען ער איז געראָדע פאַרבייגעגאַנגען, און זיך צוזעהענדיק וואָס מען מאַכט מיט זיינע ברודער.

זיך נישט קענענדיק באַהערשן, האָט ער פון גרויס פאַרצווייפלונג זיך אַ וואָרף געטון אויף די דריי שקצים-סאָלדאַטן, און מיט אַ באַפעלערישן געשריי זיי ארויסגעטריבן פון דעם יידישן שענק.

אַן ענלעכער פאַל האָט חיימלען פּאַסירט מאַרשירנדיק מיט זיין אָפּטיילונג אויף דעם וועג צווישן סטאַניסלאַוו און קאָלאָמיי.

אין אַ פאַרביימאַרשירנדיקן דאָרף, שטייט זיך אַן אומשולדיקער ייד פאַסענדיק זיין פערד אויפן פעלד.

אַ זעלנער וועלכער האָט נישט געקענט איבערשמערצן אַז אַ ייד האָט זיין אייגענס אַ פערד, איז פון דער מאַרשירענדיקער אָפּטיילונג אַרויס, און געוואָלט פון דעם ייד דווקא ארויסרייסן זיין פערד.

דער פוילישער באַנדיט האָט אָבער אָנגעטראָפן אויף אַ ייד אַן עקשן, ער האָט זיך שטאַרק אַקעגנגעשטעלט, אינצווישן האָט חיימל באַמערקט וואָס עס האָט פּאַסירט, נישט טראַכטניק, אַרויס מיט אַ פענד צו דעם „קריגסהעלד", אַרובגעלאָזט דעם שגץ אַ נישקשהדיקן גלעט איבער זיין טרייפענעם פּיסק, און אַזוי האָט ער אָפּגעראַטעוועט אַ יידיש פערד וועלכעס איז אפשר געווען דאָס לעצטע וואָס דער ייד האָט פאַרמאָגט.

חיימל האָט די גאַנצע צייט געהאַט צום רבונו של עולם איין בקשה, ער זאָל זיך קענען נוקם זיין אין פּעטלורעס באַנדעס.

די נקמה-לעכצונג איז נישט געווען מחמת אהבת פונעם צד שכנגד, נאָר אָלס שנאת-המן.

אין דער דאַמאַלסדיקער תקופה האָבן די פוילישע אַנטיסעמיטן מיט די "האַלערטשיקעס" און "פּאָזנאַנטשיקעס" בראש, אויסגעזען אין די אויגן ביי אַ יעדן ייד כלפי די ווילדע און רוצחישע "פּעטלוראָווצים", ווי צדיקים.

די יידיש-פוילישע סאָלדאַטן פלעגן צווישן זיך וערטלען אַז "אַ חולירע" איז ערגער ווי אַ "טיפוס", דאָס איז באמת געווען די ריכטיקע דעפיניציע און אָפּשאַצונג פון דעם ווערט פון דעם פאַרהאַלטן זיך פון די צוויי נייע יידישע שכנים אין גאַליציען, כלפי די יידן.

אין אַזאַ מצב האָט חיימל מאַרשירט טאָג איין טאָג אויס, דאָרף אריין שטאָט אַרויס, און דאָס האַרץ האָט אים געפּלאַצט, צוקוקנדיק דעם יידישן חורבן וועלכעביידע פאַרטייען האָבן זיך באַמיט צו פאַרטיפן און צו פאַרגרעסערן.

מיט אייגענע אויגן זיך אָנגעזען אַזוי פיל רשעות, שנאה, אכזריות און כאַמסטווע אַז דאָס איידעלע און פיינפילקע בחורל האָט זיך דורך דעם פאַרוואַנדלט אין אַ נקמה-דאָרשטיקע חיה.

געטראכט האָט ער זיך — אוי רבש"ע, ווען עס פאַלט מיר אין דער האַנט אַזאַ מין פּעטלורע חיה, איך וואָלט דאָך אין אים נקמה גענומען פאַר דעם אומשולדיק פאַרגאָסענעם יידישן בלוט.

אינעם שטעטל קאָסעוו, האָט זיך חיימלען געגליקט אין זיינע הענט אַריינצו־באַקומען אַזאַ פּעטלורישע חיה.

ביי זיין קאַנצעלאַריע, וועלכע האָט זיך געפונען אינעם הויז פון דער דאָרטיקער פאַמיליע ק ע ז, איז תמיד געשטאַנען ביי דער טיר אַ פּאָסטן אַ סאָלדאַט מיט אַ ביקס.

גערעדע אינעם טאָג ווען דער פאַל איז געשען, האָט פּאָסטירט ביי חיימלס טיר אַ יידישער סאָלדאַט פון חיימלס געבוירן־שטעטל.

דער סאָלדאַט מיט זיין אין דער גאַנצער קאָמפּאַניע באַקאַנטן נאָמען, "ע ל א ל י", איז געווען קליין און דאַר, מער מונדיר ווי פלייש, דאָס היטל איז ביי אים תמיד געווען אַראָפּגעגליטשט איבער די אויגן, די ביקס כמעט טאָפּל גרעסער און לענגער פון אים.

אין דעם טאָג, האָט אַ שגץ, אַ גרויסער, אַ גראָבער, ברייט ווי עוג מלך הבשן, מיט אַ ווילדער פאַרוואָרפענער טשופּרינע, געפּרוּווט אַריינצוגיין אין חיימלס חדר.

אויף דער פראַגע פון דעם פּאָסטירנדיקן "עלאלי" וואָס ער פאַרלאַנגט, האָט ער באַקומען פון דעם שגץ אַ זעץ אין די ריפּן, און נישט פרעגנדיק, זיך אַריין געריסן אין חיימלס קאַנצעלאַריע.

אַריינקומענדיק — בעט ער ביי חיימל אַ "פּשעפּוסטקע" צו קענען פאָרן קיין קאָלאָמיי צום יאַריד, נישט אַנענדיק אַז ער האָט פאַר זיך אויך דאָ אַ ייד, מיינענדיק אויף זיכער און שטיצענדיק זיך אויף חיימלס אַריש אויסזען, אַז ער האָט פאַר זיך אַ ריינעם פּאָליאַק.

דער אוקראַינישער פּעטלורעץ, באַרימט זיך ציניש פאַר חיימל, און גלייכצייטיק מאַכנדיק צום "חוזק" דעם "זשיד" וועלכער שטייט אויף דעם פּאָסטן, וועלכער האָט אים געוואָלט פאַרהאַלטן דאָס אַריינגיין צו חיימלן אין קאַנצליי, און מיט וועלכע גבורה ער האָט דעם "פאַרשיווע זשיד" אַ שליידער געטון און גלייכצייטיק מכבד געווען מיט אַ "ז ב ע נ ק" אין די ריפּן.

דער שגץ האָט נאָך נישט געהאַט געענדיקט זיין חוצפּישע דערציילונג, איז דער סאָלדאַט "עלאלי" אַריין אין צימער פון חיימל, זיין פּנים וועלכעס איז גרויס געווען ווי אַ קליין שטערצל, ווייס ווי קרייד, דערזעענדיק דעם סאָלדאַט — מאַכט דער שגץ מיט אַ באַרימערישע מינע.

"אָט איז דער "זשיד", און באַלעקט זיך גלייכצייטיק מיט אַ פאַרגניגט געלעכטער כאַ..כאַ...כאַ..

אין דעם מאָמענט האָט "עלאלי" געוואָלט דערציילן זיין פארגעזעצטן חיימלן איבער דעם פאַל, אָבער עס איז נישט מער נעטיק געווען דאָס דערציילן.

חיימל האָט זיך גלייך אָריענטירט אין וואָס עס האַנדלט זיך.

דער ערשטער שריט פון חיימל איז געווען, די טיר אָפּצושליסן אַז דער פויגל זאָל נישט אַרויס פליען, באַפוילן "עלאלין" אַריינצורופן צוויי סאָלדאַטן צו הילף, און זאָלן מיט זיך מיטברענגען אַ לעדערנע "נ א ג י י ק ע".

דעם פעטלורעץ האָט מען געבינדן די הענט מיט די פיס, אַנידערגעוואָרפן אויף דער פאָדלאָגע, די צוויי פוילישע סאָלדאַטן—שקצים האָבן אים פעסט געהאלטן ביים קאָפּ און ביי די פיס, עלאלי האָט פון חיימלן באַקומען אַ באַפעל דעם שגץ אויף דעם נאַקעטן הינטן אָפּצוציילן פינף און צוואנציק מלקות.

די פוילישע צוויי "כלאָפּצעס", נישט צופרידן פון עלאלים שוואכע מלקות, האָבן ביי חיימלן געבעטן רשות זיך מטפל צו זיין מיט דער דאָזיקער חיה.

דער פאָליאַק האָט מיט זיין גאַנצן כח און חישער רציחה אָפּגעצעלט פון דאָס ניי פינף און צוואנציק מלקות.

אַרויסגיין מיט זיינע אייגענע פיס האָט דער פעטלורטשיק נישט מער געקענט, די צוויי שקצים האָבן אים אַרויסגעטראָגן אויף דער גאַס, באַפוילן אַ פויער וועלכער איז צופעליק געשטאַנען נישט ווייט מיט זיין וואָגן, דעם שגץ צוצופירן צו דעם וואקזאל, פון דאָרט האָט מען אים אָפּגעשיקט אין די לעמבערגער באַרימטע "בריגידקעס" פון וועלכע ער האָט זעט אוים נישט דערלעבט מער זיך אַרויסציבאַקומען.



די פאָליאַקן האָבן אינצווישן באַזעצט די גאַנצע "פּאקוטשע", דאָס איז די געגנט "קאָסעוו — קאָלאָמיי — זשאביע" דער עק פון מזרח־גאַליציען ביז צו דער רומענישער גרעניץ־שטאָט "וויזשניץ" ביים טייך "טשערעמוש".

חיימל האָט זיך מיט זיין קאָמפּאַניע ארום געדרייט צווישן די ריזיקע בערג ארום קאָסעוו און זשאביע.

די דאָזיקע געגענט האָט חיימן דערמאַנט פון די לעגענדארישע געשטאַלט פון דעם בעל־שם־טוב, וועלכער האָט אין דער דאָזיקער געגענט זיך מיט צווייהונדערט יאָר פריער אַזוי ארומגעדרייט אין אויך ווי ער, געגעסן "פּאלענטי" מיט מילך.

די בערג, די וועלדער, היות און להבדיל מענטשן, זעען אויס אין דער "פאקוצי" ווי פון דער נאטור געשאפן פאַר אַ חסידיש-מיסטיש לעבן.

אפילו די דאָרפישע אַזויגערופענע "גוראלעס", מיט זייערע ברייטע קיילעכדיקע פילצענע קאַפעליושן אויף זייערע קעפּ, און דיקע ווייסע וואָלענע פעלצן מיט שמאָלע ביז צום פּלאַצן, געפּאַסטע הויזן, וועלכע זיי טראָגן אַ גאַנץ קיילעכיק יאָר אַפילו אין די הייסעסטע זומער-חדשים, זייערע "קיביטקים" און בעיקר זייער פּרימיטיווקייט, אַלעס צוזאַמען — די דאָרטיקע יידן אין זייער תמימותקייט און צניעדיק לעבן, שאַפט דאָס נאַטירלעכע בילד פון די צייטן פון בעש"ט.

דער "פּאקוטשער" הימל, די הייזקעס זעען אויס גענוי ווי אין דער קבלישער שטאָט צפת, עס זעט אויס אַז די הייליקע קבלה-תורה, וועלכע דער "אר י הקדוש", האָט מיט צוויי הונדערט יאָר פריער געלערנט מיט די צפתער, האָט דער בעש"ט שפּעטער געלערנט מיט זיינע חסידים אין די שטעטלעך "קאָסעוו — קוטי", וועלכע ליגן טיף איינגעגראָבן אין די דאָרטיקע הייליקע בערג.

אַזוי דאָ ווי דאָרט, קען אַ ייד אַ בעל-מקובל זעען, אַז ער וויל נאָר אַ גוטן קוק טון מיט זיינע אויגן, ווי די מלאכים, נשמות פון צדיקים און אַלע אַנדערע הייליקע, קלעטערן ארום אין די דאָזיקע פון מיסטיק אַרומגעהילטען הימל.

נישט בחינם האָט דער היילקער בעש"ט אויסגעקליבן די דאָזיקע געגענט פאַר זיין עבודת-הבורא.

אויף חיימלן האָט שטאַרק משפּיע געווען די בעש"ט-לופט פון דער געגענט, ער האָט אינצווישן פאַרגעסן אַז ער איז חוץ אַ בעש"מסקי חסיד, אויך אַ פּוילישער אָפיציר.

צייטנווייז איז ער געווען אַריינגעטון אין אַ טראַנס פון עולמות העליונים, קבלה און מיסטישע חלומות.

אַראָפּפאָרענדיק אין אַ שיינעם ווינטער-טאָג מיט אַ שליטן פון אַזאַ בעלש"מסקי בארג, האָט דער "גוראל" ביי אַ וועגקרייצינק שטאַרק אַ דריי געגעבן אויף דער לינקער זייט אין מאָמענט ווען דאָס פערד האָט זיך געפונען אין גרעסטן גאַלאָפּ, זיך נישט געקענט צוריק האַלטן, און אין דער זעלבער מינוט האָט זיך דער שליטן איבערגעדרייט, און מענטשן מיט דעם פערד האָבן זיך צוזאַמען מיט אַ געוואַלדיקער קראַפט אַראָפּגעקוילערט פון דעם זייער הויכן בארג, נישט קענענדיק זיך שיידן, נישט פון דעם שליטן און נישט פון דעם פערד, וועלכע האָבן זיך בייאַנאַנד ווי אַ לאַווינע געקוילערט מיט דעם איינציקן ציל, אַריינצופאַלן מיט אַ געוואַלדיקער קראַפט אין דעם עטלעכע הונדערט מעטער ווייטן און טיפן טייך "טשערעמוש".

אין דער דאָזיקער קריטישער רגע, ווען עס האָט חיימן געדראָט אַ לעבענסגעפאַר, און עס איז באַשטאַנען, ווי ער האָט זיך געטראַכט בשעת-מעשה,

א קליינע האָפנונג אז ער זאָל בלייבן ביים לעבן, האָט ער אין זיינע געדאנקען געבעטן פאר זיך, אַז דער זכות פונם בעש"ט זאָל אים ביישטיין.

און דער זכות פון דעם הייליקן צדיק איז באמת אים בייגעשטאַנען.

דער שליטן האָט זיך ווי אויף אַ באַפעל אונגעשטויסן אין אַ טעלעגראַף סלופּ, וועלכער איז געשטאנען אויף דעם וועג.

אין דער רגע האָט חיימל מיט זיינע ביידע הענט, און אינסטינקטיוו דערשפּירט איצט אָדער קיין מאָל נישט — זיך ארום געכאַפּט מיט זיין לעצטער קראפט ארום דעם טעלעגראפנסלופּ, און אין אזא פּאָזיציע געבליבן הענגען אין דער לופט.

הינטער אים האָט זיך אינצווישן דער שליטן מיט דעם פערד צוזאַמען מיטן "גורל" מיט א געוואלדיקן טראסק ארופּגעלאָזט אין דעם הונדערט מעטער טיף פון דעם וועג ליגענדיקן טייך.

מען האָט נישט מער געזען נאָר עטלעכע רעדלעך פון אויפגעבראויזט וואסער, און אלעס צוזאמען איז אין דעם קאַלטן טיפן טייך פאַרשוואונדן אויף אייביק.

אונזער איינציקער פון דער דאָזיקער קאטאסטראָפע צוריק געבליבענער חיימל, האָט זיך שטאַרק צעקלאָפּט בשעת ער האָט מיט זיינע הענט אַרומגעכאַפּט דעם טעלעגראַפנסלופּ, בעיקר האָט ער זיך צעקלאַפּט זיין קאָפּ, אין דורך דעם איז ער אריינגעפאַלן אין א טיפן חלשות, באגאָסן מיט בלוט איז ער געבליבן אין א טיפן שלאָף ליגן אויף דעם שנייעדיקן וועג צווישן הימל און ערד.

חיימלן האָט זיך אין דעם מאָמענט געדאכט, אַז עס שטייט נעבן אים אַ ייד זייער א הדרת-פּנימדיקער מיט א וויסן קאַפּטאַן, מיט א גארטל ארומגעבונדן איבער זיינע לענדן, האלבע שיך מיט לאנגע ווייסע זאָקן, אַ פּנים האָט ער ווי א מלאך, ער דריקט אים מיט זיין ווייכער פוכקער האנט אויף זיין קאָפּ, שעפּטשעט עפּעס אַ תפילה.

חיימל הערט כלומרשט ווי דער ייד דאוונט מיט א ניגון און זאָגט, איך "ישראל בן האדל" בין גוזר, אז חיים בן פיגה רוחמה זאָל בלייבן לעבן, דאָס געזונט זאָל זיך צו אים בקרוב צוריק קערן.

אזוי ליגענדיק — זעעט חיימל ווי דער דאָזיקער הייליקער צדיק טוט פלעצלעך אים אַ וויש מיט זיין רעכטער האַנט איבער די אויגן, און חיימל זעעט ווי ער שטייט נעבען אַ געוואלדיק גרויסן טיש פון אייז אין שניי.

אויף דעם טיש שטייט אַ גרויסע פייערדיקע וואַגשאל, מיט צוויי ריזן גרויסע טיפע טעלער.

אויפן רעכטן טעלער אויסגעקריצט מיט פייערדיקע אותיות דאָס וואָרט "ז כ ו ת" אויפן לינקן טעלער דאָס וואָרט "ח ו ב ה".

נעבן דער וואגשאל ליגט זייער א אַלט דיק ספר, פון אלטקייט פארשימלט און פארגעלטע בלעטער.

אקעגן דער וואָג זיצט אן אלטער מאן אויסזעענדיק נאָך זייער פריש און געזונט מיט רויטע באַקן און אַ ווייסע לאַנגע באָרט, צוויי שאַרפע דורכשטעכנדיקע גרויסע שווארצע אויגן.

פון זיינע אורעמס גייען אַרויס צוויי ריזיקע ווייסע פליגל.

אַ קליין מלאכל שיט אַרויף — באַלד אויפן רעכטן וואָגטעלער, באלד אויפן לינקן, ווייסע, רויטע, פייערדיקע, קליינע רונדיקע ארבעסלעך.

באלד ציט אריבער דער רעכטער טעלער, — שיט דער מלאך צו פון די רויטע ארבעסלעך צום לינקען טעלער, — ציט דער לינקער טעלער אריבער מחמת שווערקייט.

און אזוי גייט די שפיל הין און צוריק.

באלד דער רעכטער טעלער ארויף און דער לינקער אראָפּ, באַלד דער לינקער ארויף און דער רעכטער אַראָפּ, באַלד ווידער פאַרקערט.

חיימלס קאָפּ ווערט אינצווישן שיעור צעשפאלטן פאַר ווייטיק, ער זעעט און טראַכט, אָבער קען זיך נישט באַוועגען, ער וויל שרייען — ער קען נישט.

באלד זעעט ער אז עס איז געקומען אויף א קליין פערדעלע צו רייטן אַ קליין שיין ווייס מלאכל, מיט א געוואלדיקער שנעלקייט צוגעריטן צו דער וואָגשאָל ווי מען האָט געוויגען און געמאָסטען די עברות און מצוות.

ווי א בליץ טוט דאָס מלאכל א שפרונג אראָפּ פון דעם פערדעלע, עס א כאַפּ געטון אין זיין האַנט און אַ שליידער אריין אינם רעכטן טעלער פון דער פייערדיקער וואָג.

אין דעם אויגענבליק ווערט אַ גרויסע שמחה ארום דעם אייזטיש.

חיימל הערט ווי דער אלטער מיט דער ווייסער באָרט, רופט אויס מיט א שטימע, וועלכע האָט געקלונגען מיט קולות ווי פון אַ אָרקעסטער:

ח י י ם  ב ן  פ י ג ה  ר ו ח מ ה — ל ה י י ם !

אין דער רגע, האָט חיימל אויפגעמאַכט זיינע אויגן און דערזעען, אז ער געפונט זיך אין אַ ריין פריש ווייס בעט, אַ דאָקטאָר מיט אַ שוועסטער אין ווייסע כאלאטען — אין זייערע הענט געפונען זיך פאַרשידענע פלעשלעך, גאזע, וואטע און באַנדאַזשן — זיי דרייען זיך ארום אים און באַשעפטיקן זיך מיט צובינדן זיינע ווונדן.

דער דאָקטאָר פרעגט ביי היימן ווי אזוי די קאַטאַסטראָפע מיט דעם שליטן איז געשעען.

שטאַט צו ענטפערן אויף דעם דאָקטאָרס פראגן, בעט חיימל מען זאָל צו אים אריינשיקן דעם בעל שם טוב ר׳ ישראל בן הודל.

ער מוז טענהט ער — מיט אים רעדן.

היימלס גוף ברענט ווי א קאלכאויוון, ער זאָגט ווייטער צום דאָקטאָר אַז ער וויל פרעגן דעם בעל שם טוב ווער עס איז געוועזן דאָס קליינע מלאכל מיט דעם קליינעם פערדעלע, וועלכעס ער האָט ארייגעלייגט אין דעם רעכטן טעלער, און דורך דעם איבערגעוווגען זיינע זכיות.

דער — מיט פערציג גראד פיבער ליגענדיקער קראנקער חיים, האָט פון דעם דאָקטאָר באקומען אַ איניעקציע מיט א נארקאָטיש בארואיקונגס מיטל, דער קראנקער חיימל איז באלד איינגעשלאָפן און ווידער דערזעען דעם זעלבן בעל שם טוב ר׳ ישראל.

יעצט האָט זיך חיימל געטראכט, מוז ער אים דערציילן דעם סוד, וועלכער האָט אים אַזוי שטאַרק געדרוקט אויף זיין נשמה.

זאָגט מיר — הייליקר בעש״ט...

דער בעל שם טוב שטערט חיימלן דאָס ווייטערע ריידן, עס דאכט זיך חיימלן אז דער בעש״ט שטופּט אים אריין א אתרוג אין זיין מויל, און דאדורך קען ער נישט ארויס ברענגען א וואָרט פון זיך.

אָבער דער הייליקער שטייט נישט אָפּ פון היימלן, ער דערציילט און דערמאנט אים פון דעם טאָג מיט צען חדשים צוריק, ווען ער האָט מיט זיין קאמפּאניע פארביי מארשירט א דאָרף צווישן סטאניסלאוו און קאלאמיי, און א פּוילישער סאָלדאט פון זיין אָפּטיילונג האָט זיך פארגלוסט אוועק צו רויבן דאָס פערד ביי א ייד, וועלכער האט עס געפּאסעט אויף דעם פעלד.

דער בעש״ט גיט זיך א הוסט אונטער — און דו חיימל האסט דאמאלסט פּשוט דיין לעבן מפקיר געוועזן — א איינציקער ייד צווישן א גאנצער חברה פּאָליאקן־אנטיסעמיטן, זיך מוסר־נפש געוועזן, אָפּגעראטעוועט דאָס פערד, פון וועלכן דער אורימער דאָרפסייד האָט געשפּייזט זיין פרוי און זעקס קליינע קינדערלעך.

און ווען חס־ושלום, באטאָנט מיט א קרעכץ ווייטער דער הייליקער בעל שם טוב, דו טוסט דאמאלס נישט די גרויסע מצווה, וואָלט דער ייד און זיין פרוי מיט זייערע זעקס קינדערלעך געוועזן אומגעקומען פון הונגער.

עס שטייט געשריבן אין דעם הייליקן קבלה־ספר ״ה ז ו ה ר״, זאָגט ווייטער דער בעל שם הקדוש צו חיימן, אַז דער וואָס זיצט אין הימל, באַשטראָפט און באלוינט דעם מענטש מידה כנגד מידה, דאָס הייסט — האָט דער בעל שם טוב צוגעגעבן אין זיין באליבט רוטעניש לשון: קאקוי רובוטא — טאקוי פלאטא, און דו חיימל האָסט געטון אזא מצוודיקע ״ראבאטו״ טראָצדעם וואָס האָסט דיך געפונען אין א סכנה, דיין לעבן האָט דאמאלס געהאנגען אויף א האָר ממש.

בשעת זיי האָבן אין הימל געוווגן און געמאָסטן דיינע עברות און מצוות, אין די צוויי טעלער פון דער וואָגשאָל האָבן זיך באוווגן ארויף און אראָפּ, אראָפּ און אַרויף כמעט גלייך אויף גלייך, האָט דער בית־דין של מעלה נישט געקענט באַשליסן חייב אָדער זכאי.

זיי וויסן חיימל — אז אין דאָזיקן קריטישן און פאַר דיר געפערלעכן מאָמענט, איז געקומען צו פליען דאָס קליינע שיינע מלאכל, רייטענדיק אויף דעם פערדל וועלכעס האָסט דאמאלסט אָפּגעראטעוועט פון די פּאָלאַקישע הענט.

דאָס קליינע גוטע מלאכל, נישט פרעגענדיק ביי קיינעם קיין שאלות, האָט אַריינגעוואָרפן אין דעם טעלער פון "ז כ ו ת" דאָס פערדעלע, דער רעכטער טעלער האָט זיך מיט א שווערקייט, ווי א פייל פונעם בויגן א לאָז אַראָפּ געגעבן אין דער נידער.

א דאנק דעם דאָזיקן "ס ו ס א ל ע" האָט מען דיר געפסקנט לחיים.

איך פארזיכער דיר חיימל, זאָגט צו אים ווייטער דער בעל שם טוב, אַז דו וועסט בקרוב געזונט ווערן און באפרייט ווערן פון גויאישע הענט.

אין דער זעלבער רגע עפנט דער קראנקער חיים זיינע אויגן, עס איז געוועזן אַ קאלטער ווינטערדיקער, טרוקענער, מיט פראָסטביימער אויף די שויבן זונענדיקער טאָג.

דער פיבער איז פלעצליך פאַרשווינדן. חיימל האָט זיך דאָס ערשטע מאָל נאָך דעם פאל, געפילט גוט און פריש.

באלד איז די שוועסטער צו, צו זיין בעט מיט א זיס שמייכעלע אויף אירע פוילישע ליפּען, אין איר האנט א גלאָז וואַרעמע מילך, און מיט אַ פרום רעליגיעז געפיל געפרעגט ביי חיימל די באדייטונג פון דעם וואָרט "פ ש ע ם"? וועלכעס דו האָסט אינם גרויסן פיבערן נישט ארויסגעלאָזט פון דיין מויל?

חיים האָט זיך געטראכט, גיי דערצייל אַ פוילישע שיקסע אַ מעשה מיט אַ בעש"ט.

בכדי זיך פון איר אָפּצוטשעפּען, האָט ער געזאָגט אז נישט "פשעם", נאָר ברוך-השם האָט ער געזאגט דאָס הייסט — געבענטשט זאָל זיין גאָטס נאָמען ער האָט — זאָגט ער, געבעטן גאָט — ער זאָל אים שענקען דאָס לעבן.

די שיקסע הערענדיק גאָטס נאָמען, האָט זיך דריי מאָל איבערגעצייילימט און ארוים פון חיימלס צימער.



אם שווערסטן אויף חיימלס נשמה, האָבן געדריקט די פרייטיק צו נאכטן, אלע יידן אין קאָסעוו זענען געזעסן ביי זייערע שבת-סעודות צוזאמען מיט זייערע נאָענטע, און ער האָט זיך געפונען אין א חדר, מיט זיינע חברים שקצים, אין וועלכן עס האָט געשטיקט פון רויך, גויאישער קאלבאס און קרויט-גאַזן האָבן פארפעסטעט

די לופט און געדיכט געמאכט, אז מען האָט פּשוט געקענט מיט די פינגער אָנטאַפּן די געדיכטע לופט.

חיימל האָט פיל מאָל געבעטן זיין קאָמענדאַנט, ער זאָל אים פּרייטיק ביי נאַכט באַפרייען פון דינסט, דערפאַר וויל ער יעדן זונטיק פאַרטרעטן דעם דינסט פון אַ קריסט.

דער קאָמענדאַנט האָט אים פּרינציפּיעל נישט געוואָלט באַפרייען, און מעשה-להכעיס — באַשטימט פאַר אים פאַרשידענע צוגאַב-דינסטן אויף די פּרייטיק-צו נאַכטן.

חיימל האָט שטיל געליטן און פאַרביסן מיט די ציין, ער האָט דען געהאַט אַ אַנדערע ברירה?

ער האָט אַזוי לאַנג געליטן און געשוויגן, ביז גאָט האָט אים מזכה געווען מיט דעם פאַל פונעם שליטן און ער איז דורך דעם אויף עטלעכע וואָכן אַריין אין שפּיטאָל.

נאָך דעם ווי חיימל איז אַרויס פונעם שפּיטאָל, האָט דער קאָמענדאַנט זיינער זיך אַ ביסל נישט ווילסנדיק געמאַכט פון חיימלס פאַרשווינדן אַ יעדן פּרייטיק ביי נאַכט.

באַקאַנט האָט זיך חיימל מיט אַ ייד אַ למדן, אַזוי גערופענעם מח-מענטש. תמיד איז ביי דעם יידן זיין קאַפּעליוש געווען פאַרדרייט.

ביים רעדן, פלעגט ער תמיד מיט זיין ווייזפינגער דריקען אויף זיין רעכטע שלייף, זיך פאַרטיפנדיק אין געדאַנקען.

דאָס אַלעס, האָט דעם ייד נישט אָפּגעהאַלטן, אז עס זאָל ביי אים כמעט אַ יעדעס יאָר געבוירן ווערן אַ קינד.

טראָץ זיין צעשטרייטע נאַטור, איז דער ייד געווען אַ תלמיד-חכם און אַ משכיל.

חיימלס פאַרגניגן איז געווען מיט דעם יידן אָפּצוזיצן צוזאַמען שעהן און שמועסן פון תורה.

אַריינקומענדיק אין אַ געוויסן פּרייטיק ביי נאַכט צו דעם דאָזיקן יידן, האָט ער אים געטראָפן אין אַ זייער אויפגערעגטן און צעשטרייטן צושטאַנד.

וואָס איז געשען? פרעגט חיימל דעם ייד.

מיין אסתרל זאָל לעבן האָט היינט געבוירן אַ צווילינג.

מזל-טוב אייך, האָט חיימל מיט שמחה אויסגעשריגן און גלייכצייטיק פון פּשוטן נייגער אַ פרעג געטון דעם צעשטרייטן בעל-שמחה, וואָס פאַר אַ מין צווילינג איז דאָס?

דער צעשטרייטער ייד ענטפערט, דאכט זיך אַ ייִנגל מיט אַ מיידל, באַלד טוט ער אַ לייג צו דעם ווייזפינגער צו זיין מח און זאָגט, אַנטשולדיקט מיר, איך בין נישט אזוי זיכער, עס קען זיין אז עס איז גאָר אַ מיידל מיט א ייִנגל.

חיים האָט באלד פארשטאַנען אַז דער הײנטיקער פרייטיק ביי נאכט, גייט אים פארלוירן, ער האָט געזאָגט א גוטן שבת און איז צוריק צו זיינע חברים סאָלדאטן, וועלכע זענען שוין געלעגן אויף דעם אלגעמיינעם הארטן נישט זייער ריינעם "פריטש" אין א טיפן שלאָף, געכארכלט און געשנאָרכצט מיט פאַרשידענע הייזעריקע קולות ווי אין א סימפּוניע פון פארטריקנטע און פעלערהאפטע מוזיק-אינסטרומענטען.

אַ קורצע צייט איז נאָך חיימל געזעסן אין דער דאָזיקער געגענט, אין וועלכער עס האָט צו אים אין זיין פאנטאזיע אנטפלעקט דער הייליקער בעש"ט.

באלד האָט זיין אָפּטיילונג אָפּמארשירט אין דער געגענט פון פּראָסקוראוו אין דער רוסישער אוקראַינע.

ערשט דאָרט האָט היימל דערזען די גרויסע בראָך פונעם יידישן פאָלק.

פּעטליורע מיט זיינע באַנדיטן האָבן געברענט, געשענדעט און געמאָרדעט די יידישע באפעלקערונג אין יעדן דאָרף אין יעדן שטעטל, ווי נאָר זייערע טומאהדיקע פיס האָבן באטרעטן.

עס איז זיך שווער פארצישטעלן דעם פחד פון די ארויסגעשטארטע און אויסגעלאָשענע אויגן וועלכע האָבן געשטעקט אין די יידישע בלייכע און אויסגעמאטערטע פנימער, בעת דעם אריינמארש פון די פוילישע סאָלדאָטן אין זייער שטאָט.

גענוג זענען זיי אויסגעשטאנען פון זייערע אוקראַינישע ביזהעריקע באלעבאטים, האָבן זיי זיך געטראכט, יעצט וועט זיך די זעלבע טרויעריקע געשיכטע איבערחזרן נאָר דורך א אַנדערע בעסטיע.

גלייך צו מאָרגנס בעגינען, האָט זיך היים ארומשפּאצירט אין דעם שטעטל, די פענצטער און טירן פון די אויסגערויבטע און טיילווייז אויך פארברענטע יידישע הייזער, זענען פארשלאָסן אויף זיבן שלעסער.

אַ יידישער מאַן, אַ יידישע פרוי האָבן זיך נישט געטרויעט דעם קאָפּ אַרויסצוווייזן אויף דער ליכטיקער גאס.

חיימל, געהענדיק פון גאס צו גאס האָט באַמערקט אויף עטלעכע ערטער פארטריקענט מענטשלעך בלוט, דאָ א צעבראָכן בעט מיט צעריסענע און שמוציקע פארבלוטיקטע קליידער, געוואנט און אַנדערע שמאטעס, דאָרט אַן אויסגעליידיקטע צעבראָכענע שאפע, פעדערן פון בעטגעוואנט האָט זיך כמעט אין דער גאַנצער שטאָט ארומגעוואלגערט.

אין אזא מצב, אין אזא טרויעריקער לאַגע האָט היימל געטראָפן זיינע יידישע ברידער אויף יענער זייט גרענעץ.

דאָך האָט ער זיך איינגעעקשנט, איך מוז האָט ער זיך געטראַכט, רעדן מיט אַ יידן, פאַרשטעלן זיך, בכדי זי' אַ ביסל צו שטאַרקן און באַרויקן.

אַזוי טראַכטענדיק, דערזעט ער מיט זיין שאַרף אויג, ווי פון אַ נעבנדיק הויז האָט אַ פינגער פון אַ מענטש פּאַרזיכטיק, אויף אַ פּאָר סענטימעטער אויפגעהויבן דאָס פאַרהענגל וועלכעס האָט פאַרשטעלט דאָס פענצטער.

ער האָט זיך באַלד אָפּגעשטעלט פאַר דעם דאָזיקן פענצטער, אַריינגעשריגען דורך דעם פענצטער אויף יידיש: "ליבע יידן אָן פּחד, איך בין אַ ייד, איך וויל מיט אייך רעדן".

עס הערשט אַ טויטע שטילקייט, אין קול ואין עונה, שטיל, עס רירט זיך נישט, און ער זעט נישט אַ מענטש פאַר זיינע אויגן.

חיים ווערט נישט מיד, ער קלאַפּט און בעט זיך מיט כל מיני בקשות, מען זאָל אים עפענען די טיר — שאַ, מען ענפערט נישט.

אין דעמזעלבן מאָמענט, איז אים איינגעפאַלן אויסצופּרווון דאָס באַקאַנטע מיטל וועלכעס פאַרבינדט אַלע יידישע שבטים פון אַלע לענדער אין דער וועלט.

ער גיט אַ געשריי אין פענצטער אַריין אויפן קול: ש מ ע י ש ר א ל, עס געשעט אַ נס, אַ פרוי מיט אַן אָפּגעגאָלטן נאַקעטן קאָפּ, האָט זיך פּאַרזיכטיק באַוויזן הינטערן פאַרהענגל און אַ פרעג געטון: באמת אַ ייד?

איך בין אַ ייד און אַ גוטער ייד, האָט חיימל מיט אַ מיטליידנדיקער שטימע געענטפערט, האָט נישט קיין פּחד טייערע פרוי, לאָזט מיך אַריין אין אייער שטוב, איך האָב פאַר אייך און פאַר אייערע פאַמיליע עפּעס מיטגעבראַכט, איר זאָלט אייך דאַמיט דערקוויקן אייערע הערצער, און בעיקר אייערע נשמות.

געהערט אַזעלכע דבורים, האָט באַלד אַ מאַן מיט אַ שפּיציק בערדל, מיט אַ טייער איידל יידיש פּנים, פּאַרזיכטיק די טיר געעפנט, מיט אַ רוסישן "פּאַזשאַלוסטאַ" אַריינגעבעטן חיימלען אין זיין הויז.

דאָס ערשטע האָט חיים געבעטן אַ פּאָר תפילין.

דער ייד האָט בשעת-מעשה זיינע אייגענע אויערן נישט געגלויבט, תפילין? און אפשר דאַכט זיך אים נאָר, אפשר איז עס נאָר אַ חלום?

חיימל האָט אָנגעטון די תפילין און זיך געשטעלט מיטן פּנים צו מזרח, געדאַוונט אויפן קול, בכדי די איבערגעשראָקענע מענטשן זאָלן הערן, און זיין זיכער אַז ער איז אַ ייד און נישט קיין פּאָליאַק.

נאָך דעם דאַוונען, האָט חיים געבעטן אַלע זאָלן זיך זעצן צום טיש, ער האָט פון זיין רוקזאַק אַרויסגעצויגן אַ פלעשל 96ער ייש, געמאַכט אַ ברכה, מכבד געווען זיינע באַלעבאַטים, מען האָט זיך געוווּנטשן עס זאָל באַלד זיין שלום על ישראל, און אַלע שונאי-ישראל פון ביידע זייטן זאָלן בקרוב האָבן המנס מפּלה.

צווײ ברויט און דרײ שאכטל סאַרדינען וועלכע חײמל האָט אַנידערגעלייגט אויפן טיש, האָט נישט געסטייעט אָנציזעטיקן די משפחה, וועלכע איז באַשטאַנען פון דרײ מענטשן.

די טײערע מענטשן האָבן בײ חײמל געבעטן אַנטשולדיקונג פאַר זייער שנעל און פיל עסן, זײ האָבן שוין דעם פירטן טאָג געהונגערט, האָבן זײ זיך מתוודה געווען פאַר זייער גאַסט.

חײמל האָט זײ געווונטשן כל טוב און צוגעזאָגט זײ עפּעטערס צו באַזוכן און דאַבײ נישט צו פאַרגעסן עפּעס מיט צוברענגען.

דערווייל האָט זיך דער ייד אויסגעשמועסט מיט זיין גאַסט.

פון אַ וואָרט צו אַ וואָרט, איז חײמל באַקאַנט געוואָרן אַז דער ייד איז אַ מיטגליד פון דער גרויסער מיוחסדיקער רבישע משפחה "טווערסקי", און איז אַ פעטער פון ר' זושע טווערסקי, דער איידעם פון חײמלס שטעטישן רב הרב שמחה ישכר בר הלברשטם ז"ל בײ וועלכן ער האָט געלערנט תורה, אײדער ער איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַן עסטרײכישן און שפּעטער אין אַ פּוילישן סאָלדאַט.

די דאָזיקע באַקאַנטשאַפט און דעראינערונג פון זיינע אַלטע גוטע צייטן, האָט חײמלען אַזוי דערוואַרעמט, אַז ער האָט אויסגעלײדיקט פון זיין רוקזאַק אַלעס וואָס ער האָט פאַרמאָגט, איבערגעגעבן פאַר די מענטשן, זײ ווידער און ווידער געשטאַרקט און געטרייסט, און נאָך אַ פּאָר הייסע טרערן וועלכע חײם האָט פאַרשעמט און נישט ווילנדיק פאַרגאָסן, פאַרלאָזט דאָס דורך שונאי־ישראל חרוב געמאַכטע יידישע הויז.

נאָך דעם וואָס זיינע אויגן האָבן געזען ווי אַזוי די ווילדע אוקראַינער און אפילו די כלומרשט אײראָפּעישע פּאָליאַקן האָבן געטון מיט די יידן, איז אים נמאס געוואָרן די גאַנצע וועלט, ער האָט געפּרווט אַלע מיטלען וואָס שנעלער פּטור צו ווערן פונעם מיליטער, און פון זײט פינף יאָר כסדרדיקן פאַרטײדיקן זיינע "פ אָ ט ע ר ל ע נ ד ע ר".

במשך פון די גאַנצע צייט, האָט חײמל געוווסט אַז דאָס אַריינציען אים צום פּוילישן מיליטער איז פאָרגעקומען נישט אין גאַנצן אויפן לעגאַלן וועג.

זיין שטעטל ליגט מזרחדיק פון טײך "סאַן" דער טייל גאַליציען איז נאָך געווען אין דער צייט אַזוי גערופן "נימאַנדסלאַנד".

ער האָט כסדר פּראָטעסטירט בײ זיין פּולק אָבער מען האָט זיך פון אים אויסגעלאַכט, ביז עס איז אים איינגעפאַלן אַ גענאַלער געדאַנק, זיך צו ווענדן דירעקט קיין זשענעווע צום "פעלקערבונד", פאַרלאַנגענדיק אַן אינטערווענץ בײ דער פּוילישער רעגירונג אים תיכף צו באַפרײען פון מיליטער.

עס איז געשען אַ נס מן השמים, אַ הודש שפּעטער איז דורך אַ באַפעל פונעם וואַרשעווער קריגסמיניסטעריום חײמל באַפרײט געוואָרן, זיין פּולקאָווניק האָט אין

דער לעצטער מינוט געפרווט דורך פארשידענע דראָונגען אים צו פאַרהאַלטן, אָבער אומזיסט, חיים פארלאנגט א באפרייאונג.

דער כלב האָט בלית-ברירה געמוזט אים באפרייען.

ויהי ערב ויהי בוקר, און חיימל האָט געענדיקט די מלחמה נומער צוויי.



צוויי טעג פאר פורים, איז חיימל צוריק געקומען אלס באפרייטער, נאָך כמעט פינף יעריקן מיליטער-דינסט, אין זיין געבורטס שטעטל ציעשינאָוו.

דאָס שטעטל האָט געלעבט מיט דעם יחוס פון פארגאנגענע צייטן.

זייט דורות, איז דאָס דאָזיקע שטעטל באקאנט געווען מיט אירע רבנים, אדמורי"ם, תלמידי-חכמים און משכילים.

דער לעצטער רב פונעם שטעטל, רבי שמחה ישכר בר האלברשטאם ז"ל, מיט זיינע פולע חסידים אנהענגער, האָבן אריינגעבראכט אין דעם שטעטל א יידיש חסידיש זאפטיק לעבן.

די קעגנזייטיקע טאָלעראנץ פון די פארשידענע טיילן פון דער יידישער באפעלקערונג איז געווען א מוסטער פאר אלע אַנדערע סביבותדיקע שטעטלעך.

חסידישע באלעבאטים, האנטווערקער און סוחרים, אלע אויסגעמישט אונטער איין דאך פון נאַציאָנאלע באַשטרעבונגען, האָבן פארשטאַנען שטענדיק אין א צייט פון אַ געפאַר, זיך מיט געמיינזאמע כוחות אקעגנצושטעלן דעם אויסערלעכן שונא.

ווען די היימישע אנטיסעמיטישע כוליגאנעס, האָבן געפרווט א הוליע צו טון אין שטעטל, האָבן זיי באַקומען אַ געהעריקן אָפּשניט פון דער שטעטלדיקער יוגענט, אָן אונטערשיד פון פארטיי אָדער שטאַנד, ווען עס האָט זיך געהאנדלט צו פארטיידיקן דעם יידישן כבוד אָדער יידיש פארמעגן, דאמאלס אין דער דאָזיקער קריטישער מינוט האָט געהערשט א זעלטענע אייניקייט צווישן דער שטעטישער יוגענט.

עטלעכע טעג נאָך חיימלס אָנקומען אין זיין אלט-נייער היים, נאָך דעם ווי זיינע חברים און חברות האָבן צו זיין כבוד, אָפּגעפּראַוועט אין הינטערשטעטלשן וואלד, מיט אים א געמיינזאמן פיקניק, האָט פּאַסירט אז א גרופּע דאָרפס כוליגאנעס האָבן אין א פריזיווטאָג, זיך אריינגעריסן אין ר' חיים ישראלס נעבעכדיקן געוועלב, אונטער אַן אויסרייד, אז זיי ווילן כלומרשט עפּעס קויפן, דעם ייד צעשלאָגן, נישט אנענדיק פאר וואָס און פאר ווען.

ווי אויף א קאָמאַנדע־באַפעל, האָט זיך דאָס גאַנצע שטעטל מיט מענער, אונטער דעם באַפעל פון ר׳ פישל באַלעגאָלע און פלטיאל שטאָם א שטעל געגעבן אַ קעגן די כוליגאַנעס, און מיט פאַרשידענע כלים, וועלכע עס זענען זיי געקומען אונטער דער האַנט, אַרויס פאַרטיידיקן דעם יידישן כבוד.

ר׳ פישל באַלעגאָלע האָט אַראָפּגעריסן פון זיין וואָגן אַן ״אָ ר ט ש י ק״, און אַריינגעבאָמבלט מיט דער דאָזיקער כלי אין די כוליגאַנעס וויפל עס האָט זיך געלאָזט.

זייט דעם פאַל, איז באמת אינעם שטעטל שטיל געווען, די שוואַרצע־מאהניקעס האָבן זיך געהיטן א חוליע צו געבן אויפן יידישן חשבון, ווי עס פלעגט ליידער עפטערס פאַרקומען אין אַנדערע שכנותדיקע שטעטלעך.

דער דאָזיקער ר׳ פישל באַלעגאָלע, א ייד מיט א רונדן שווערן גוף, מיט אַ געמיטלעך און תמיד לאַכנדיק ברייט פנים, מיט שטאַרקע שטריכן פון דער מאַנגאָלישער ראַסע, אָבער מיט זייער אַ וואַרעם יידיש האַרץ.

אליין איז ר׳ פישל געווען א גאָר פשוטער מענטש, ער האָט קיין מאָל נישט געלערנט, און אלס יונגער בחור געמוזט אַרבעטן, ווייל געשטאַמט האָט ער פון זייער אָרעמע עלטערן.

ווען פישל איז באַפרייט געוואָרן פון פראַנץ יוספס מיליטער, ווי ער האָט אָפּגעדינט דריי יאָר ביי די שווערע ״הוביצען״ ווי ער פלעגט זיך באַרימען, האָט ער זיך געטראַכט עס איז געקומען די צייט זיך צו בויען א היים.

עס איז פישלען די זאַך נישט לייכט אָנגעקומען, און דאָס מחמת פאַרשידענע טעמים.

די שניידערישע און אַנדערע באַלעמלאַכישע מיידלעך, האָבן פישלען נישט געוואָלט פאַר א מאַן. ערשטנס, איז דאָס באַלעגאָלע פאַך זיי נישט אָנגעשטאַנען, זיי האָבן געהאָפט צו באַקומען א מאַן א בחור פון זייער טאַטענס פאַך, בעיקר האָבן זיי צו פישלען געטענהט אז אַ ״ב ע ל מ ל א כ ה״ איז מער ברכה.

פישל האָט זיך געטראַכט, איך האָב זיי אַלע אין בויבעריק, ער האָט זיך קודם כל, אויסגעבויעט א שטוב, געקויפט צוויי פערד ווי די לייבן, אַז ער האָט געגעבן אַ קנאַק מיט דער בייטש און מיט זיין בייכיקער שטימע א געשריי געגעבן צו זיינע צוויי חיות ״ו ו י א ו י״, האָט די גאַס געציטערט, און דאָס האָט פישלען באַרימט געמאַכט צווישן סוחרים, פריצים און אַנדערע, וועלכע האָבן באַדאַרפן אנצוקומען צו א ״פיאַקער״.

ווען אַלע אַנדערע באַלעגאָלעס האָבן נישט געהאַט וואָס צו טון, האָט זיך אין דער זעלבער צייט פישל נישט געקענט א עצה געבן מיט די אַלע מענטשן וועלכע האָבן געוואָלט פאָרן מיט אים, און דווקא נאָר מיט אים.

אינעם שטעטל האָט געלעבט, שייך צו זאָגן געלעבט?

אויף אלע שׂונאי־ישׂראל געזאָגט, טאטע זיסער, אזא לעבן, ווי עס האָט געלעבט ר׳ בערישל בדחן, אָדער ווי מען האָט אים גערופן ר׳ בעריש מארשאלעק.

ר׳ בערישל, א ייד א שיינער מיט אן אויסגעקעמטער ווייסער ברייטער געפּלעגטער בארט, איז געווען א ייד א בעל־תורה, אויסגעקאָכט אין פאַרשידענע קליינע אותיות, געדענקט פיל מעשׂיות, דרשות פון מדרש, פאָלקלאָר און סתם דערציילונגען.

דאָס "קענען", האָט ער אויסגענוצט אויף פרנסה, ער איז געווען דער שטעטישער בדחן אויף אלע חתונות.

עס איז פשוט געווען א תענוג צו קוקן אויף דעם שיינעם ר׳ בערישל, ווען ער איז געשטאַנען אויף דעם חתונה־טיש, און באזונגען חתן־כלה פאר זייער חופה.

טייכן טרערן האָבן ווייבער פארגאָסן ווען ר׳ בעריש האָט מיט זיין שיינע קלינגענדיקע און וויינענדיקע שטימע אויפן הויכן קול א געשריי געגעבן דעם טראדיציאָנעלעם גראם:

כלהנוי, כלהנוי, וויינזשע וויין,
ביסט מלא חן —
ביז הונדערט און צוואנציק,
זאָלסט דו נישט בלייבן אליין.

דער שיינער ר׳ בעריש האָט געהאט נאָך שענערע טעכטער.

אויף איינע פון זיינע טעכטער, האָט פישל געוואָרפן אן אויג.

דאָס מיידל איז געווען ביי דער שטעטישע רביצן אן "עוזרת" ווי מען רופט דאָס דאָזיקע פאַך אין ארץ־ישׂראל.

אַז דאָס מיידל האָט דערציילט דער רביצן, ווער עס וויל זי האבן פאר אַ ווייב, האָט זי לאַנג נישט געקלערט, באַלד אַרויסגעטראָגן אַ פסק אז פישל, וועלכער פלעגט אויך צו פירן מיט זיין וואָגן איר מאן דעם שטעטישן רב, בכבודו ובעצמו, איז ראוי צי זיין אסתרס, אזוי איז געווען דעם מיידעלס נאָמען — מאן און פאָטער פון אירע קינדער.

נאָך אזא פסק־דין פון דער רביצן, האָט מען געוועלעך נישט געטאָרט פראָטעסטירן, פישל איז באלד אין א מזלדיקער שעה געשטאנען מיט זיין אויסגעוועלטער אסתר, אונטער דער חופה.

פישלן איז נישט שלעכט געגאנגען, ער האָט גוט פארדינט, אים פארגלייך צו די אנדערע שטעטלשע באַלעגאָלעס, איז ער געווען א "גביר", די מיעשטשאַנעס פלעגן אים נישט אַנדערש רופן, ווי "רוטשילד", דער דאָזיקער נאָמען איז אים פאַרבליבן אויף אייביק.



די ערשטע אויפגאבע פון היימלן, איז געווען צוריק אויפצובויען זייערע פאַרברענטע הייזער.

מיט שווערער און ביטערער מי איז אים געלונגען ארויסצובאקומען דריי קוביק מעטער ברעטער, אלס רעגירונגסשטיצע פאר זיינע הייזער, נישט נעמענדיק אין באַטראַכט זיין זכות אלס געוועזענער מיטבאטייליקטער אין פוילנס באפרייאונג.

אין דער צייט זענען פּאַליאקן—קריסטען, זענען דורך דער רעגירונג פּאַזאַריזירט געוואָרן און מיט א ברייטער האַנט דורך דער רעגירונג, געשטיצט געוואָרן מיט גרויסע געלט באטרעגע, און נאָך גרעסערע קוואנטומס בוי מאטעריאל, האָבן יידן כמעט גאָרנישט באקומען.

אויף זיין נאַיווע פראגע ביים פוילישן רעפערענט פאר ווידעראויפבוי היתכן? האָט ער באקומען א קלאָרע און אן אָנצוויידייטיקע תשובה, "זשידזשי — דאָ פּאלעסטיני".

די דאָזיקע תשובה, איז חיימלן טיף אריין אין דער נשמה, ער האָט נישט פיל טראכטענדיק ארומגערעדט מיט זיינע חברים און חברות איבער דער פאקטישער יידישער לאגע אין דעם נייעם אויפגעקומענעם פוילן.

מען האָט זיך אָרגאניזירט אין א ציוניסטישן קלוב און געטראכט ווי שנעלער פטור צו ווערן פון דעם נייעם באלעבאָס, און עולה צו זיין קיין ארץ-ישראל.

דערווייל האָט זיך אָנגעפאנגען אן אינערליכער קאמף צווישן די חסידישע פרומע טאטעס, מיט זייערע ציוניסטישע מאָדערנע קינדער.

דער קאמף האָט זיך געפירט אויף אַלע פראָנטען.

די ציוניסטישע יוגענט האָט זיך געריסן צו איבערנעמען די לייטונג אין אלע שטעטישע אינסטיטוציעס, וואָס עס איז זיי אויך נאָך א קורצער צייט געלונגען.

דער ערשטער שריט פון דער ציוניסטישער יוגענט איז געווען, איינצוריכטען פאר זיך א בית-הכנסת אין וועלכן מען האָט אָפּגעהאלטן אלע נאַציאָנאַלע יום-טובים, ווי ט"ו בשבט, חנוכה, הרצל-יאָרצייט צווייטער נאָוועמבער, קרן-קימת-אָוונט וכדומה.

היים איז געווען איינער צווישן די ציוניסטישע זיילן אינעם שטעטל, אליין ווי באקאנט, א בעל-תורה, פלעגט ער יעדן שבת אין ציוניסטישער שול האלטן רעפעראטן מיט דורך אריינגעפלאָכטענע תורות פון די חז"ל, אויפווייזן די גרויסע מצווה פון ישוב-ארץ-ישראל.

נאָך דעם רעפעראט האָט מען זיך אוועקגעזעצט לערנען תנ"ך, א בלאט גמרא, אָדער די וואָכיקע פרשה חומש.

אויך די דאָזיקע אויפגאבע האָט אויף זיך חיימל גערן גענומען, עס האָבן אויסער אים נאָך אַנדערע יונגעלייט צוגעהאָלפן צו פארשפרייטן ציונות מיט א געמיש פון תורת-ישראל, בעזונדערס ר' אשר דילר ז"ל.

אויך די דאָזיקע פיינע יונגעלייט וועלכע האָבן געשטאַמט פון די בעסטע חסידישע פאַמיליעס וועלכע זענען גלייך מיט חיימלען אריבער פון דעם קאָנסערוואַטיוון חסידישן לאַגער — אינעם לאַגער פון דעם אויפוואַכנדיקן יונגן יידיש נאַציאָנאַלען דור, האָבן זיך מיט לייב און לעבן אָפּגעגעבן פאַר דער נייער אַרבעט לטובת ארץ־ישראל.

חיים האָט אויך נישט פאַרנאַכלעסיקט זיין מיידל וועלכע איז טאָקע שפּעטער געוואָרן זיין פרוי.

סערעלע, די טאָכטער פון דעם כמעט שענסטן באַלעבאָס אין שטעטל ר׳ משה הוניקסבערג, איר פאָטער א באַזונדער עקזעמפּלאר, א ייד אן עושר, א חסיד, א בן־תורה אָבער גלייכצייטיק א משכיל און מיט א שטאַרק נאַציאָנאַל געפיל.

ער ר׳ משה, איז וועגן זיינע מעלות געווען אן אויסנאַם פון דעם עלטערן דור, און דאָרך דעם א שטיצפונקט פון אַלט און ניי, אזוי אזביידע קעגנערישע לאַגערס האָבן אים באַטראַכט פאַר זייער מענטש.

אַ גאַנצע וואָך פלעגט ר׳ משה זיצן אין דעם בעלזשיצער־טאַרטאַק, פירן דעם גרויסן טאַרטאַק צי וועלכן ער איז געווען א מיט־שותף.

ער פלעגט בסוד סודות שטיצן די יונגע ציוניסטן דורך שפּענדן אויף ארץ־ישראל, כדי זיך נישט צו פאַרפיינטן ביי זיינע חברים — חסידים, אפילו זיי נישט צו שטערן ביים געראַנגל פון זייער אריינדרונגען אין די שטעטישע אינסטיטוציעס ווי קהלה, געמיינדע און אַנדערע.

ווי אַלע משכילישע יונגע לייט, פלעגט אויך אונדזער חיימל א מאָל א פּרווו צו געבן צי שרייבן אין די ״גאַזעטן״, מערסטן טייל ציונות געמישט מיט דברי תורה.

זיינע מאמרים פלעגן פון צייט צו צייט פאַרעפנטלעכט ווערן אין ״היינט״.

אין א שיינעם טאָג, האָט זיך היימל שטאַרק געפונען באַליידיקט פון דעם דאַמאַלסדיקן זייער באַרימטן יאָושזאָן.

אין די צייטונגען איז געווען געשריבן, אז א גרופּע פון שווייצארישע פויערן־דעפּוטאַטן, האָבן אין שווייצארישן פאַרלאַמענט פאָרגעשלאָגן א געזעצפּראָיעקט, פאַרביטן צו באַנוצן דעם ראַדיו.

דער טעם, באשר בכן די ראַדיו כוואַליעס צערייסן די וואָלקנס, און דאָס זאָל זיין די סיבה פון די גרויסע רעגענס און עפּטערע פאַרפלייצונגען.

חיימטשי האָט דאָס נייעס צוזאַמענגעבונדן מיט א גמרא, וועלכע ער האָט געברענגט צום באַווייז אז די שווייצארישע פויערן־דעפּוטאַטן זענען פאַלשטענדיק גערעכט.

אין דער גמרא (יומא כ.) האָט חיימטשי אויפגעוויזן שטייט בפרוש געשריבן: שלושה קולות משמיעים מעולם ועד סופו, קול המון של רומא, קול לידה וקול רדיא — דריי קולות הערט מען פון איין עק וועלט ביז צום צווייטן: דאָס זענען,

דער קול פון דעם רומישן מיליטער, דער קול פון א פרוי בשעת זי געבוירט א קינד און דער קול פונעם ראדיא — פרעגט רש״י: מה זה ראדיא? און רש״י פארענטפערט: מלאך הממונה על הגשמים רדיא שמו — דער מלאך וועלכער הערשט איבער די רעגענס הייסט ״רדיו״.

אמת, א בפרושער באזוייז אז די שווייצארישע פויערן ווייסן וואָס זיי רעדן, דאכט זיך, אז אונדזער חיימל איז פאלשטענדיק אין אָרדנונג מיט זײַן אריינפלעכטן דעם ראדיא אין דעם מאמר חז״ל, וועלכער איז אגב געזאָגט געוואָרן מיט כמעט צוויי טויזנט יאָר פריער איידער דער רדיא איז אנטדעקט געוואָרן.

אָבער — עס מאכט נישט אויס.

די הויפטזאך איז, אז אונדזער חיימל האָט געפונען אז — אין חדש מתחת השמש, עס איז נישט דאָ קיין נייעס אונטער דער זון.

דער דאָזיקער מאמר, איז אין ״היינט״ געדרוקט געוואָרן דווקא ערב-שבת, געענוי ווי ער איז פון חיימטשין פארפאסט געוואָרן, נאָר צום סוף, האָט דער פעלעטאָניסט פון זיך צוגעגעבן א באמערקונג: עס איז באמת צו באוואונדערן קליינשטעטלדיקע משכילים און תלמידי-חכמים, זיי האָבן, זעט אויס א הסכם מיט די אומות-העולם, זיי די גויים זאָלן דערפינדן די ״דערפינדונגען״, און שפּעטער קומען די יידישע תלמידי-חכמים און דערפינדן דעם „מדרש״ צו די גוייִשע דערפינדונגען.

די דאָזיקע באַמערקונג האָט חיימלן זייער פארדראָסן. וואָס הייסט? האָט ער געפרעגט, נאָר די גויים זענען דערפינדער?

וואָס פאר א חוצפה אזוי צו שרייבן.

ווען אזוי שרייבט א גויישער שרייבער וואָלט מען אים פארשריגן אלס ביטערן אנטיסעמיט, אזוי קליין מאכן און ציניש חוזק מאכן פון זיין אייגן פאָלק?

צווישן ציוניסטן וואָלט אזא איינער באלד באקומען זיין חלק, האָט זיך חיימל געטראכט.

אין די אייגענע יידישע גאונים פון דער תורה זעט אויס, האָט ער פארגעסן?

ווי איז ״יובל״ דער דערפינדער פון שפיל-אינסטרומענטן?

ווי איז ״תובל-קין״ וועלכער האָט דערפינדן כלים פארשידענע צו באארבעטן קופער און אייזן?

ווי איז ״נח״ דער ערשטער שיפבוי-אינזשיניער, וועלכער האָט דערפונדן די תיבה?

ווי איז ״בצלאל בן אורי בן חור למטה יהודה״ דער גרעסטער דערפינדער ארכיטעקט פון אלע צייטן, וועלכער זעט אויס איז ביי דעם ווארשעווער פעלעטאָניסט א גאָרנישט?

און אפשר, האָט זיך חיימל געטראכט איז ער גאָר אן עם־הארץ, ער קען נישט די תורה?

וועל איך אים א פרעג טון, ילמדנו רבנו — ווו זענען אונדזערע מאָדערנע גאונים?

וואָס איז מיט: קאָך, וואַסערמאַן, וויצמן, אינשטיין און טויזענטער אַנדערע?

חיים האָט אַ לענגערע צייט אויפגעהערט צו שרייבן אין "היינט", ביז עס איז געקומען אַ צוזאַמענטרעף צווישן די צוויי חברה־לייט, בעת דער פּאָליטיאַניסט און חיימל האָבן ביידע אַגיטירט פאַר די זעלבע ציוניסטישע קאַנדידאַטן צום פּוילישן סיים.

יאושזאָן, האָט מודה געווען אַז ער איז באַגאַנגען אַ פעלער, געבעטן סליחה, דורך דעם האָט חיים פאַרשפּראָכן זיך די אַרבל ווידער צו פאַרשאַרצן, און ווייטער שיקן אַרטיקלען צום "היינט".

פון אַלע זיינע ציוניסטישע און קהילישע אַרבעטן, האָט חיימל זיך נישט געקענט בויען אַ היים.

זיין מיידל, סעראַלע, האָט מיט רעכט געטענהט, עס איז זאָגט זי די העכסטע צייט דו זאָלסט אַ טראַכט געבן וועגן זיך און דיין אייגענער צוקונפט.

זי, סעראַלע, אַ מיידל מיט אַלע מעלות, שיין, יונג מיט אַ געקרייזלטן קאָפּ בלאָנדע זיידענע הערעלעך, זייער אַ געראָטענע, מיט אַ פּאָר קלוגע בלויע אויגן, דאַצו נאָך אַ שאַרפן מח, האָט פון חיימלען דורכאויס פאַרלאַנגט ער זאָל אַוועקלייגן, ווי זי האָט עס אָנגערופן מיט איר פראַקטישן לשון, "די קהל נאַרישקייטן", ליבער זאָרגן דאָס פאַרברענטע הויז צו רעמאָנטירן, און בעיקר, ווי לאַנג וועט מען זיך אַרומדרייען אָון זיך ליב האָבן אָן חופּה וקדושין?

מיטן געדאַנק מיט וועלכן חיימל מיט זיין סעראַלען האָבן זיך אַרומגעטראָגן און געפּלאַנט ד. ה. עולה צו זיין קיין ארץ־ישראל, איז דערווייל גאָר נישט געוואָרן.

אינצווישן לויפן חדשים און יאָרן, האָט סעראַלע געטענהט.

חיימל איז אויך באַלד נמאס געוואָרן דער טעגלעכער געראַנגל מיט זיינע אַנטיסעמיטישע חברים — לאַוויניקעס, מיט וועלכע ער איז געווען געצוווּנגען צוזאַמען צו זיצן אין מאַגיסטראַט בעיקר, איז אים דערווידער געווען דער קאַמף מיט דעם פאַרעקשנטן אַלטן דור, וועלכע האָבן געקעמפט מיט אַלע מיטלען, קעגן דער ציוניסטישער יוגנט און דורך דעם קעגן ישוב ארץ־ישראל.

חיים האָט זיך גענומען צום הארצן די רייד פון זיין מיידל וועלכע ער האָט שטאַרק און מיט זיין גאַנצן הייסן און אומשולדיקן טעמפּעראַמענט געליבט.

ער האָט באַלד רעזיגנירט פון טובת־הכלל־אַרבעט, אין אַ שנעלן טעמפּאָ

אויפגעבויט זיינע פארברענטע הייזער, געשריבן תנאים אין א מזלדיקער שעה מיט זיין אויסדערוויילטע סערעלע, און זיך אָנגעהייבן פּאַרצוגרייטן צו זייער התונה.



אין א שיינעם מיטוואָכדיקן טאָג פון ראש חודש אלול, איז חיימל געשטאַנען מיט זיין סערעלען אונטער דער חופה.

די חתונה איז געפּראַוועט געוואָרן מיט גרויס פּאָמפּ און א גרויסן פארנעם, חיים מיט זיין כלה האָבן געשיינט פון גליק.

אין דעם ענגען קליינשטעטלדיקן ראַם אין וועלכן ער האָט זיך געפונען, אין דורך דעם באַיקאָט געגען אלעם יידישן, איז ביי אים זיין אונטערנעמונגסגייסט שטאַרק אָפּגעטעמפּט און אָפּגעשוואַכט געוואָרן.

די עקאָנאָמישע לאַגע ביי אונדזער העלד, האָט זיך, ווי א פיבער ביי א קראַנקען באַלד געהויבן, באַלד געפאַלן, זיינע געשעפטן זענען באַלד אַרויף, באַלד האָבן זיך אלע זיינע ביזנעס צישמאַלצן ווי שניי אין א תמוזדיקן טאָג.

זיין ערנגעפיל און זיין איבערגעטריבענע עמפינדלעכקייט, האָט אויף אים שטאַרק משפיע געווען אין דער צייט ווען דער פּאָליטישער און עקאָנאָמישער קריזיס פון די פוילישע יידן האָט זיך מיט יעדן טאָג פארגרעסערט.

די אָפטע פּאָגראָמען און טעגלעכע באַיקאָט אקציעס, האָט אויף חיימן זער געדריקט, אינצווישן איז ביי זיי שוין געווען דריי קינדערלעך.

אלעם צוזאמען, האָט אים געגעבן דעם געדאנק און געשטויסן אויסצוואנדערן פון דעם פוילישן גיהנם, לויפן ווו די אויגן וועלן אים פירן.

זיי האָבן באַשלאָסן זיך צו באַזעצן אין דער גרויסער אינטערנאַציאָנאַלער האַפן־שטאָט ציג, פון דאָרט, האָט ער געטראַכט וועט אים לייכטער זיין צו דערגרייכן זיין לעבענסציל, דאָס הייסט צו קענען עולה זיין קיין ישראל.

ווי זאָגט א יידיש ווערטל: „דער מענטש טראַכט, און גאָט לאַכט", אונדזער חיימל איז אָפּגעזעסן וואַרטנדיק אין ציג אויף די דאָזיקע געלעגנהייט א קיימא לן, פון איבער צען יאָר, און די דאָזיקע געלעגנהייט און האָפענונג האָט זיך נישט באַוויזן.

די ערשטע צייט, דאָס הייסט ביז דער עסטרייכישער שטובן־מאַלער און אַוואַנטוריסט היטלער ימ"ש, האָט זיך באַוויזן צווישן די טעמפּע דייטשן, האָבן די יידן געפירט אין ציג א נאָרמאַל און קולטורעל לעבן.

אויך היימטשי האָט נישט שלעכט זיך געפילט, לויט זיין כאַראַקטער און

אינטעלעקט איז ער צו פיזישער ארבעט נישט פעיק געווען, בעיקר האָט אויף אים געמאכט א שרעקלעך שלעכטן איינדרוק די דאָרטן, ווי אין גאנץ דייטשלאנד, זייער פארשפרייטע און נעבעכדיקע אזוי גערופענע "אבצאהלונג" געשעפטן, מיט וועלכע די מערסטן ניי געקומענע פוילישע יידן האָבן זיך פארנומען.

מיט דעם דאָזיקן "פאך", האָבן זיך באשעפטיקט מענטשן וועלכע האָבן זיך נישט געפאסט פאר גייסטיקער ארבעט, די דאָזיקע מענטשן האָבן געמוזט ערשטענס, אָפּטייטן אין זיך דעם חוש וואָס מען רופט "ערנגעפיל" און בעיקר, זענען דאָס געווען טיפּן וועלכע האָבן געקענט טרעטן איבער טויטע, אבי צו פארדינען וואָס מער געלט.

דיביידע כאראקטערשטריכן האָבן חיימלען געפעלט, דאָס איז געווען דער טעם פאר אָס ער האָט זיך אויך נישט גענומען צו דער דאָזיקער מיאוסער פרנסה.

נישט איין מאָל האָט פאסירט, אז אזא יונגערמאן איז פון אלע טרעפּן ארופּגעשליידערט געוואָרן, מיט א צולאג פון אן אנטיסעמיטיש גראָב וואָרט, פאר אָנביטן דעם מנוולדיקן דייטש סחורות, אויף אָפּצאָלונג.

נאָך דעם אומגליקלעכן יאָר ווען דער ברוינער אשמדאי האָט איבערגענומען אין דייטשלאד די מאכט, זענען די דאָזיקע פרנסות געוואָרן אויסגעשטעלט אויף פיל גרעסערע געפארן.

די גראָבע דייטשן האָבן ביי די יידישע יונגעלייט גענומען סחורות אויף וויפיל עס האָט זיך זיי איינגעגעבן, אָבער כמעט איינגעשטעלט די צאָלונגען, און ווען אזא "סוחר" איז שבת, וועלכער איז געווען דער טאָג פון קאסירן, צוריק געקומען צו ווייב און קינד מיט גאנצע אברים, האָט ער זיך געהאלטן פאר א בר-מזל.

נישט איין מאל האָט פאסירט אז די חוצפהדיק געוואָרענע יעקעס, פלעגן אזא סוחר אָנברעכן די ביינער, צו רויבן ביי דעם אָרימען ייד אלס וואָס ער האָט פארמאָגט, און ארויסוואַרפן אים אלס צולאג, מיט דער באקאנטער ברכה "יודאס — פערעקע" פון זיין שטוב.

צו אזא פרנסה, האט היים זיך נישט געקענט צופאסן, ער האָט געארבעט אין א דעזוויזן-באַנק פאר מיטאָג אלס בוכהאלטער, און אלס מורה, נאָך מיטאָג אין א יידישע שולע פון דער קהילה, וועלכע זענען דורך דער פּאָליטישער לאגע, אין אלע דייטשע-יידישע געמיינדעס געגרינדט געוואָרן.

פארדינט האָט ער זער גוט, און נאָך א האלב יאָר אליין זיין, האָט ער אראָפּגעבראכט זיין פאמיליע, און מיט דער צייט געוואָרן א חשובער בירגער אין דער דאזיקער אלטער שטאָט ציג.

געמאכט א לעבן און געהאָפט אז דאָס ברוינע פייער וועט זיך אָפּשטעלן און עס וועלן זיך צוריק קערן די אלטע גוטע רויקע צייטן.

ער האָט, ווי אַלע דייטשישע יידן געמאַכט א גרויסן טעות, די לאַגע האָט זיך מיט יעדן טאָג פאַרערגערט אין גאַנץ דייטשלאַנד, באַזונדערס אין ציג.

דאָ, אין דער דאָזיקער אינטערנאַציאָנאַלער שטאָט, אָבער כמעט הונדערט פּראָצענטיקע דייטשע באַפעלקערונג, האָבן זיי געוואָלט ווייזן זייערן "פאַרפירער" אַז זיי זענען די זעלבע פּאַטריאָטן ווי אים אַזוי גערופענעם "רייך", און קענען די זעלבע "חכמות", צו שלאָגן, רויבן און באַליידיקן יידן, ווי זייערע ברוינע ברידער אין דייטשלאַנד.

אַזוי ווי אַן אונרוקנדער שוואַרצער וואָלקן, באַגלייט דורך האַסטיקע דונערן און הימלעפנדיקע בליצן, אַזוי האָט זיך דערנענטערט מיט א שטורם די ברוינע מגפה, און מיט יעדן טאָג האָט זיך פאַר די יידן, די לופט פאַרענגט כמעט אין גאַנץ אייראָפּע.

די ערשטע צייט איז געוואָרן אַן עפּטערע דערשיינונג, פון באַלעסטיקן יידן אויף דער גאַס דורך גראָבע באַליידיקונג.

שפּעטער, מכבד געוועזן מיט א קלאַפּ, און די לעצטע צייט מיט א ממשותדיקן פּאָגראָם.

אַזוי האָט זיך מיט געניי יעקישע אויסרעכנונג אָנגערוקט דאָס גרויסע אומגליק פון די דייטשע יידן און צו לעצט אויך פון דעם כמעט גאַנצן אייראָפּעישן יידנטום.

חיימל האָט געהאַט א באַזונדער גליק, די ברוינע באַנדיטן האָבן אים קיין איינציק מאָל נישט באַפאַלן אָדער סתם באַלעסטיקט.

צי דאָס איז געווען פאַרבונדן מיט זיין נישט זייער סעמיטיש אויסזען, אָדער ווייל ער איז כמעט אויסשליסלעך געווען פאַרבונדן מיט יידן, זיך דורך דעם ווייניק געדרייט אויף דער גאַס.

אויף דעם דאָזיקן נס, האָט ער קיינמאָל נישט געקענט געבן א ריכטיקע תשובה, עס איז געווען פיל פאַלן, אַז אויך אַזעלכע נישט סעמיטישע יידן, זענען באַליידיקט און געשלאָגן געוואָרן פון די נאַציס.

פיל יידן איז געלונגען אין דער ערשטער צייט, צו ליקווידירן טיילווייז זייער פאַרמעגן, דאָס געלט איבערצושיקן קיין ארץ־ישראל.

ביי א זעלכע אָפּעראַציעס האָט אונדזער העלד חיימטשע, געהאַט נישט קיין קליינעם חלק דורך זיין מיטאַרבעט אין דער איינציקער יידישער באַנק, וועלכע האָט זיך באַשעפטיקט מיט דעם דאָזיקן טראַנספער, די ערשטע צייט לעגאַל און שפּעטער אומלעגאַל.

אַזעלכע גליקלעכע יידן האָבן באַלד פאַרלאָזט דעם ציגער גיהנם.

אינצווישן האָט זיך חיימטשעס פאַמיליע פאַרגרעסערט, ער איז שוין געווען אַ פאָטער פון פיר זין און א טאָכטער.

אוך ער האָט געטון אַלעס מעגלעכע כדי צו באַקומען אַ סערטיפיקאַט, ער זאָל קענען צוזאַמען מיט די גליקלעכע פאַרלאָזן ציג, אָבער אָן דערפאָלג.

געראַדע אין דער גרעסטער ייִדישער נויטצײַט, האָט די ענגלישע מאַנדאַט באַהערדע, מיט דעם באַקאַנטן שונא-ישראל בעווין, אַרונטערגערוקט די אַזוי גערופענע "קוואָטע" ביז אַ מינימום, נישט נעמענדיק אין באַטראַכט דעם פאַרגרעסערטן דראַנג פון די אייראָפּעיִשע ייִדן און באַזונדער פון די דײַטשע, קיין ארץ-ישראל.

אַזוי זענען פאַרגאַנגען עטלעכע יאָר, געהאָפט און געהאָפט אויף בעווינס יושר, אָבער אַלע האָפענונגען זענען צערונען געוואָרן, ביז אין אַ טריבן שבת פאַרנאַכט, ווען אין דער באַקאַנטער, פון די היטלערישע באַנדיטן גערופענע "קריסטאַלנאַכט", איז אויך אין ציג, ווי אין גאַנץ דײַטשלאַנד אָרגאַניזירט געוואָרן מיט געניייער דײַטשישער פּינקטלעכקייט, דער גרויסער באַקאַנטער פּאָגראָם און פון פאַרברענען אַלע בתי-הכנסת.

דערשנאַפּט האָבן ייִדן אַז עס דאַרף עפּעס געשען.

געוווּסט האָט קיין מענטש גענוי וואָס עס דאַרף פּאַסירן.

נאָר אַז ייִדן שטייען פאַר גרויסע טרויעריקע געשעענישן, האָט יעדער, אַפילו אַ קינד אין דער וויג געוווּסט.

ווי דורך אַ לאַווינע, האָט זיך פּונקט פיר אַ זייגער נאָך מיטאָג אָנגעהויבן דער מאַרש פון דער היטלעריוגענט, געפירט דורך די ציגער פּאָליציי און עס-עס-לייט, דורך די ייִדישע געשעפטן און פּריוואַט-וווינונגען.

ביי אַ יעדן ייִדישן געשעפט אויף דער וואַנט מיט רויטע פאַרב אָנגעשריבן דאָס וואָרט "יודע", אײַנגעשלאָסן די גרויסע שויפענצטער.

פאַרטיק געוואָרן מיט דעם שטיקל אַרבעט, ווײַטער מאַרשירט דאַבײַ פרײלעך געזונגען דאָס באַקאַנטע מערדערליד: „אונד ווען דאס יודן בלוט פאָם מעסער שפּריצט", ווידער געהאַקט שויבן, און אַז זיי האָבן געענדיקט די אַרבעט, האָבן זיי זיך פאַרזאַמלט ביים שיינעם ציגער טעמפּל, אים באַוואָרפן פון אַלע זייטן מיט זייערע ברענענדיקע לעבעדיקע פאַקעל, און געהוליעט ביז דער בית-הכנסת איז געוואָרן אַ באַרג אַש.

חיימטשי מיט זיין פאַמיליע, זיצנדיק אין זייער וווינונג מיט שרעק און פּחד, די קליינע קינדערלעך וועלכע האָבן נאָך נישט פאַרשטאַנען פון דער ווירקלעכע לאַגע, האָבן זיך געשפּילט אין שטוב, נישט פאַרשטייענדיק פאַר וואָס זיי מוזן אַ גאַנצן טאָג זיין אײַנגעשלאָסן אין דער וווינונג?

די עלטערע קינדער, יעדעס אין אַ באַזונדער ווינקעלע.

חיימל מיט זיין ווייב סערעלע, זיצן באַזונדער טרויעריק נעבן וואַרעמען קאַפעלאַויוון, ווי אין אַ תשעה-באבדיקן טאָג.

אין אזא לאגע זיצענדיק, יעדער פארטון אין זיינע געדאנקען און אין שפיל.

פלעצלעך א קראך — א שטיין פון א געוואלדיקער גרייס איז דורך דער צעטראסקעטער שויב, אריין אין זייער שטוב מיט א געוואלדיקער קראפט, א פלי צווישן דעם אויוון און חיימלס קאָפּ.

פון דעם אנשלאָגן זיך אין קאפלאויוון איז א שטיק שטיין אַרויס דורך דער נעבנדיקער טיר, וועלכע איז געווען נישט ווייט פונעם אויוון.

דאָס איז געווען פאר חיימלען און זיין פאמיליע דער ערשטער אנזאָג פון דער אנרוקענדיקער קאטאַסטראָפע.

ייִדן האָבן פון זייערע צרות, געוויינט, געטראַכט און געלאַכט.

פיל זענען פון איין גיהנום געלאָפן אין צווייטן.

זיי זענען אריבער די ציגער—פוילישע גרענעץ, ארויס פון דעם דייטשן גיהנום און אריין אין דעם פוילישן גדיניע, וועלכעס איז געווען פאר די ייִדן נישט קיין קלענער גיהנום, ווי דאָס דייטשע ציג.

די ציגער ייִדישע קהילה האָט אויף שנעל צוזאמענגערופן א געהיימע זיצונג פון אַלע אין דער שטאָט פארהאַנענע ייִדיש פּאָליטישע אינסטיטוציעס, אויסגעארבעט אַ פּלאַן, תּיכּף אַוועקצושיקן קיין ארץ־ישראל די ייִדישע קינדערלעך אין עלטער פון צען — פופצען יאָר.

אַ חשובער מיטגליד פון דער קהילה, האָט באגלייט די קינדער אויף זייער שיף ביז חיפה.

צווישן די דאָזיקע אָפּגעראטעוועטע קינדער האָבן זיך אויך געפונען חיימלס צוויי עלטערע קינדער, א יונגעלע פון דרייצן יאָר און א מיידעלע פון צען יאָר.

די רעשט פאמיליע איז פארלויפיק צוריק געבליבן דורך דעם פשוטן טעם, ווייל דער פסעוודאָ סאָציאליסט בעווין, האָט זיי קיין ארץ־ישראל נישט אריינגעלאָזט.

דער אָפּפאָר פון די צווייהונדערט קינדערלעך, אָדער ווי מען האָט עס גערופן, יציאת ציג איז פאָרגעקומען בסוד סודות, אפילו די עלטערן איז שטרענג פאַרזאָגט געווען צו באגלייטן זייערע קינדער.

די שמחה אין דער קהילה איז געווען אין לשער אינעם טאָג ווען מען האָט דערהאלטן א ידיעה אז זיי געפינען זיך שוין מהוין דער געפאַר־צאָנע.

זונטיק נאָך דער "קריסטאלנאכט", איז חיים, ווי עס וואָלט גאָר נישט געווען פּאסירט, געגאנגען צו זיין ארבעט אין דער באנק.

די גאסן זענען געווען רוייק ווי אויסגעשטאָרבן, נאָר גלאָזשארבן איז געווען צעשפּריצט אויף אַלע גאסן, די אָפענע שויפענצטער האָבן אויסגעזען ווי לעכער ביי א מענטשן, פון וועלכן מען האָט לעבעדיקערהייט אַרויסגעשניטן זיינע אויגן.

דאָ און דאָרט, האָט מען געזען פארביילויפן א שכורן עס-עס-מאן מיט זיין מנוולדיקער "גרעטכען" פון א נאכט-הוליאנקע.

דער אינסטינקט וועלכער געפינט זיך ביי א יעדן מענטש, ווען ער געפינט זיך אין אַ געפאר זיך צו האלטן מיט אלע כוחות שטאַרק און וועלן בלייבן ביים לעבן, האָט אויך ביי די ציגער יידן, זיך ארויסגעוויזן פאר פארפירעריש.

נאָך יעדער אַנטיסעמיטישע אקציע, האָבן זיי זיך איינגעבילדעט אז מיט דעם האָט עס זיך געענדיקט, מער וועט אזא זאך נישט פאַרקומען. אויסער דעם האט אַ יעדער זיך איינגערעדט, אז אים פערזענלעך מיינט מען נישט.

אפילו דער ראבינער דר. גרין, האָט אין דער ערשטער צייט ווען ער האָט נאָך געהאָט אַ געלעגנהייט אלס רעפרעזענטאנט פון דער יידישער קהילה אין ציג, צו רעדן אינעם ראדיו, ביי אזא געלעגנהייט עפענטלעך באשולדיקט די "אָסטיודען", און אויסגערופן פאַר דער עפענטלעכקייט, נישט מער און נישט ווייניקער נאָר אז די "אָסטיודען זינד אונדזער אומגליק".

אויך ער, דער "רב איוואן גרין" האָט געמיינט, אז אים און זיין גלייכן, וועט קיין האָר פונעם קאָפּ נישט ארונטערפאַלן, דער גאנצער צאָרן איז קעגן אלע אַנדערע יידן, אבער נאָר נישט געגען די דייטשישע, אַזוי האט זיך איינגערעדט דער דאָזיקער עקלהאפטער "רב איוואן".

דורך דעם דאָזיקן נאטור-געזעץ זענען יידן געזעסן אויף זייערע ערטער אין אונטערמינירטע פּאָזיציעס ביז צו דער לעצטער מינוט.

דער גרעסטער טייל איז טאַקע דורך דעם פארניכטעט געוואָרן.

אין דעם זעלבן זונטיקען טאָג, זיצענדיק ביי דער טעגליכער ארבעט אין זיין באנק, מיינענדיק אַז אלע אַנדערע יידן, אַז פון היינט וועט אלעם ווידער זיין נאָרמאל, זענען אריין אין דער באַנק א באנדע באוואָפנטע עס-עס-לייט, צו צו דער קאסע, אויסגערויבט א בעטראג פון אכציק טויזנט ציגער גולדן א חוץ פרעמדע וואלוטע.

דעם דירעקטאָר, הויפּטבוכהאלטער און קאסירער ברוטאל ארויסגעוואָרפן פון דער באַנק.

אויף דער גאַס האָט אויף זיי געוואַרט אַ צווייטע באַנדע וועלכע האָבן אויף די ברוסטן פון די יידן אויפגעהאנגען פון פאַראויס צוגעגרייטע שילדן מיט דער אויפשריפט פון פאָלגענדן תוכן: איך זאו-יודע בין איין פעברעכער.

מיט שפּאָט און חוזק, זיי ארומגעפירט איבער די גאסן, און דאן זיי איינגעזעצט אין טיורמע.

חיים האָט נאָך דעם פאל, נאָך אין דעם זעלבן טאָג איינגעפּאקט א ביסל קלייניקייטן און מיטן דער נאכט מיט זיין פרוי און קינדער אריבער די גרענעץ אויף דעם וועג ווידער צוריק אין זיין אלט באקאנט געבורטשטעטל ציעשינאָוו.

אין שטעטל האָבן זיינע חברים חיימטשען אויפגענומען מיט אָפענע אָרעמס, זיי האָבן באקומען האבן זיי זיך געטראכט, צוריק זייער אלטען גענעראל, וועלכער האט זיי פאר מער ווי צען יאָר פארלאָזט אין מיטן קאַמף.

דער חסידיש-ציוניסטישער קאמף האָט נאָך עקזיסטירט.

די אלטע חברה האט נאָך אלץ נישט געוואָלט מסכים זיין מיטן געדאנק, אַז פאַר דער רעטונג פונעם יידישן פאָלק בלייבט דער איינציקער וועג, און דאָס נאָר קיין ארץ-ישראל.

אין זיין אלט-נייער היים, האָט חיימל נישט קיין צייט געהאט זיך א ביסעלע זיינע נע-ונד-ביינער אויסצוגלייכן נאָך דער שווערער און קאָמפּליצירטער רייזע וועלכע ער האָט דורכגעמאכט אנטלויפנדיק פונעם ציגער גיהנום.

ווען עס איז ביי אים רייף געוואָרן דער געדאנק ווידער אויפצובויען פאר זיך א פרנסה, און ווען עס האָט זיך געדאכט אז אָט אָט געלונגט אים זיין אונטערנעמונג דא דורכצופירן, איז באלד געקומען ווידער די פוילישע ווירקלעכקייט און די גרויסע אנטוישונג.

חיים האָט פארגעסן, אַז אין פוילן האָט אויך שוין אין דער דאָזיקער צייט געהערשט כמעט דער זעלבער יידנאויסראָטערישער געדאנק, נישט קליינער ווי אין דייטשלאַנד.

דער האָס צווישן פּאָליאקן און דייטשן האָט עקזיסטירט זייט הונדערטער יאָרן, ווען אָבער עס האָט זיך געהאנדלט די יידן צו פארניכטן, האָבן זיך די צוויי אייביקע בלוט-שונאים דערלאנגט די הענט, און געמאכט קעגנזייטיקע פריילעכע פרצופים.

דער פּאָליאק בעק, האָט איינגעלאדן אין דער פוילישער ווארשע, דעם ברוינעם שדם פארטרעטער גערינג.

גערעדט האָט מען ווי עס זעט אויס, נאָר וועגן די יידן, און ביי דער געלעגנהייט אויסגעארבעט דעם באקאנטן פלאן, אז פוילן זאָל ווערן דאָס שלאכטהויז פון אלע יידן אין אייראָפּע און אפשר פון דער גאַנצער וועלט.

אינצווישן האָט די ברוינע פעסט געארבעט מעשים.

זייער ארבעט איז אָנגעגאַנגען אויף צוויי פראָנטן.

א אייראָפּעישער, ווי די טשעכאָסלאָוואקישע פראגע, דאנציג, אויבערשלעזיען, פויזן, געוועזענע דייטשישע קאָלאָניעס אין אפריקע, וועלכע זענען נאָך דעם ערשטן וועלט-קריג צעטיילט געוואָרן צווישן די זיגער.

דער צווייטער פראָנט, און דער איז ביי היטלער ימ״ש געוועזן דער עיקרדיקער, דער יידישער.



אינעם יאָר 1938, נאָך דעם היטלערישן איבערפאַל אויף די טשעכן, האָבן ייִדן אָנגעהויבן צו פאַרשטיין אַז די וועלט־קאַטאַסטראָפע שטייט שוין הינטער דער טיר.

דאָס מאָל איז אָבער שוין שפּעט געווען צו ליקווידירן די פאַרמעגנס און זיי איבערפירן קיין ארץ־ישראל, זיך דאָרט צו באַזעצן און העלפן אויפבויען אַ ייִדישע מדינה.

די חסידיש־אַגודישע קעגנערשאַפט צו ישוב ארץ־ישראל, האָט געשניטן די פרוכט וועלכע זי האָט פאַרזייט.

דאָס ייִדישע פאָלק איז געשטאַנען אויף דער שוועל פונעם אָפּגרונט.

די צעחושטע געגענער פון דעם אויפּבּרויזענען נייעם דור האָבן, ווי עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, נישט געהאַט אין זיך אַפילו אַ פונק פון רוח־הקודש, ווי זיי האָבן איינגערעדט זייערע אָנהענגער, פאַרקערט — זיי האָבן געהאַט פאַרשטעלטע אויגן מיט אַ טעמפּן מח.

פון טאָג צו טאָג האָט זיך דער אייראָפּעישער האָריזאָנט און שפּעציעל דער ייִדישער מער און מער פאַרטונקלט.

די ברוינע בעסטיע האָט כמעט דורכגעפירט אַלע אירע אַרויסגעשטעלטע פאָדערונגען.

דער באַקאַנטער, אַזוי באַרימט געוואָרענער ענגלישער שירם־מיניסטער טשעמבערליין, האָט היטלערן נאָכגעגעבן אַלע זיינע ווונטשן, אַזוי האָט דער דייטשישער ״מיכל״, פאַרשטאַנען, אַז די וועלט האָט פּחד פאַר אַ קריג, איז ער בייז דורך דעם יעדן טאָג האָפערדיקער געוואָרן.

ביי יעדער געלעגנהייט, האָט ער פאַרגרעסערט זיינע פאָדערונגען, און פּאַראַלעל אומגעשטערט פאַרגרעסערט די אויסראָטונג פון די דייטשישע ייִדן.

אין אַ פינצטערן פאַר דעם ייִדישן פאָלק סעפּטעמבער־טאָג, פון דעם פאַרשאָלטענעם יאָר 1939, האָט דער ברוינער שד מיט אַ געוואַלדיקער קראַפט, צום טראָץ פון אַלע פעלקער אויף דעם ערדקיילעך, אָנגעהויבן דעם גרויסן פאַר דער וועלט אומגליקלעכן פאַרניכטונג־קריג.

די געשעענישן האָבן הײַמען אָפּגעשטעלט אַלע זיינע פּלענער, ער איז געבליבן שטעקן אין זיין שטעטל מיט אַלע אַנדערע צוגלייך.

אינצווישן האָבן די דייטשן מיט זייערע ״מעסערשמידן״ געזייעט טויט און פאַרניכטונג אויף דער ברענענדיקער פּוילישער ערד.

דעם צווייטן טאָג, נאָך דעם ווי פוילן האָט געברענט אין אלע עקן, פון מעריב האָט איר גוטער חבר גערינג, מיט וועלכן פוילן האָט ערשט נישט לאנג געשלאָסן אויפן יידישן חשבון א פריינטשאפט-פאקט, געדריקט מיט זיין שווער באַוואָפנטע ארמיי, און פון מזרח האָט זיך אויף איר געוואָרפן דער רוסישער בער, האָט פלעצלעך דריי א זייגער נאָך מיטאָג, אויך חיימס שטעטל פארזיכט דעם טעם פון דער דייטשישער אכזריות.

זעקס עראָפּלאנען האָבן דאָס שטעטל באָמבארדירט, מיט מאשינענביקסן געשאָסן אויף די מענטשן ווי אויף חיות אין וואלד.

אכט טאָג פאר ראש-השנה, האָבן די דייטשן באַזעצט חיימלס שטעטל.

אריין זענען זיי נאָך דעם ווי סאָוויעטישע ארמיי האָט דאָס שטעטל פארלאזט זייענדיק אינעם שטעטל צוויי וואָכן.

עס האט זיך ארויסגעוויזן, אז לויט דעם אָפּמאַך צווישן די צוויי שונאי-ישראל "ריבענטראָפּ און מאָלאָטאָוו", דארף דאָס שטעטל פארבלייבן ביי די דייטשן.

די ערשטע טעג, האבן זיי זיך פארהאלטן רויק, טראָצדעם זענען די יידישע הייזער און געשעפטן געוועזן פארשלאָסן אויף זיבן שלעסער.

אַ ייד האָט זיך נישט געטרויט ארויסצוגיין אויף דער לעכטיקער גאַס, געזעסן איז אַ יעדער ביי זיך אין שטוב און געוואַרט אויף משיחן.

ציעשינאָווער יידן האָבן געלערנט א קל-וחומר, מה דוך אז נאָך אכט טאָג זיצן אין שטעטל האבן זיי קיין איינציקן ייד נישט שלעכט געטון, איז דאָך א סימן אז דער שד איז נישט אזוי שרעקלעך ווי מען מאלט אים.

און זיי האָבן דעם פשט ווייטער געלערנט, און אזוי ווי עס איז היינט ביי יידן ערב ראש-השנה, דארף מען א טראכט טון מען זאָל מאָרגן קענען דאווגען בציבור, שופר-בלאָזן און דווקא אין בית-הכנסת;

אַ דעלעגאציע פון מערערע באלעבאטים, זענען ווי עס איז ארויסגעקראָכן פון זייערע ניארס, מיט שווערער מי דורך הינטער געסלעך זיך פארזאמלט ביי איינעם פון זייערע מענטשן, באשלאָסן אלע צוזאַמען אויפצופאָדערן חיימלען, צו גיין צום דייטשישען קאָמענדאנט אלס שליח-צבור, אים צו בעטן ער זאָל דערלויבן די צוויי טעג ראש השנה, זיך צו פארזאמלען צו תפילה בצבור אין די בתי-הכנסת.

די חברה חסידים זענען אין חיימלס וווינונג ארייגעפאלן, ווי יתומים וועלכע קערן זיך צוריק פון א בית-הקברות נאָך דעם, ווי זיי האָבן באגראָבן זייער נאָנטן, מיט א טרויעריק און שטיל געבעט אים פארגעשלאָגן זייער בקשה.

באגרינדעט האָבן זיי זייער בקשה, אזוי ווי ער איז כמעט דער איינציקער אינעם שטעטל, וועלכער באהערשט גוט דאָס דייטשישע לשון, איז זיין פליכט אינעם נאָמען פון דער יידישער באַפעלקערונג צו בעטן דעם דייטש א דערלויבניש זיך צו פארזאמלען אין שול.

חיימן איז אויפֿן אָרט, דער דאָזיקער געדאַנק נישט געפֿעלן, ער האָט זיי פֿאָלגענעם דערקלערט.

עס איז בפֿרוש אין די גמרא געשריבן: אין סומכין על הנס דאָס הייסט, עס איז פֿאַרבאָטן זיך צו שטיצן אויף א נס, בפֿרט אין אזא פֿאַר יידן סכנהדיקער צייט.

ער האָט נאָך דערקלערט, ווען אפילו דער קאָמענדאַנט זאָל דערלויבן, איז אויך נישט די זאַך זיכער אַז עס וועט גלאַט אָפּלויפֿן.

חיימלען האָט נישט געהאָלפֿן זיינע ארגומענטן פֿאַר וועלכע איז געוועזן דאַקעגן, ער האָט באַקומען אָנצוגעהערן, אַז די גאַנצע שטאָט מיט יידן וועלן אים באַטראַכטן ווי אַן אָפּטריניקן אויב ער וועט נישט גיין אַלס שליח־ציבור צום קאָמענדאַנט.

נישט קענענדיק פֿון זיי פּטור ווערן, האָט ער מסכים געווען, בתנאי אַז וואָס דער קאָמענדאַנט וועט פּסקענען, מוז אומבאַדינגט צוגעהאַלטן ווערן.

נישט פֿיל קלערענדיק, האָט די חברה אויפֿן אָרט מסכים געווען און פֿאַרשפּראָכן אַז אַזוי וועט זיין און נישט אַנדערש.

חיים האָט זיך נישט ווילענדיק אָנגעגורט די לענדן, אָנגעטון זיינע שוואַרצע ברילן פֿאַר א סגולה, מיט א שווער געמיט געגאַנגען צום דייטשישן שטאָט־קאָמענדאַנט.

די גאַסן, און דער רינגפּלאַץ זענען געווען שוואַרץ פֿון טאַנקען און אַנדערע כלי־משחית, מיט האַרצקלאַפּעניש איז ער, נישט קוקענדיק אַרום זיך, דורכגעגאַנגען דעם וועג ביז צו דעם אָרט ווו דער דייטש איז געזעסן.

דער גוי האָט חיימלען אויפֿגענומען נישט שלעכט.

ער האָט פֿאַרלאַנגט פֿון חיימלען, ער זאָל איבערגעבן אין זיין נאָמען די יידן, אַז ער פּערזענלעך איז נישט קעגן, נאָר ווי ער האָט זיך ווייטער אויסגעדריקט, ביי דער יעצטיקער לאַגע קען ער אַבסאָלוט נישט גאַראַנטירן אַז סאָלדאַטן וועלן נישט ברעכן זיין באַפֿעל, ווען עס האַנדלט זיך וועגן יידן, ער וועט דאַן נישט קענען העלפֿן, ווייל זיי וועלן אים באַטראַכטן ווי א יידן־באַשיצער.

דאַכט זיך, ערלעכע און מענטשלעכע רייד, איבריקנס, האָט ער געטענהט פֿאַר וואָס זיך אויסצושטעלן אויף א געפֿאַר, אַז מען קען יעדער ביי זיך אין דער היים גאָט בעטן, ווייל גאָט זאָגט ער געפֿונט זיך איבעראַל.

ממש א מענטש, גאָרנישט קיין דייטש.

חיים האָט זיך נישט געגלויבט זיינע אייגענע אויערן וואָס ער האָט געהערט. ער, דער דייטש שטרעקט אויס זיין האַנט צו חיימלען, און בעט נאָך א מאָל אין זיין נאָמען געטרײַ צו איבערגעבן "די אָרעמע יודען" זיין מיינונג.

חיים, א ביסל אויפגעמונטערט דורך דעם מענטשלעכן דייטש, האָט זיינע יידן געגוי איבערגעגעבן וואָס דער יעקע האָט אים געזאָגט. זיי האָבן אים צוגעזאָגט, אַז מען וועט דעם היינטיקן ראש־השנה נישט גיין אין בית־הכנסת, יעדער וועט תפילה טון ביי זיך אין שטוב כדי נישט צו פּראָוואָצירן די היטלעריסטן.

נאָך דער דאָזיקער פאַרזיכערונג איז חיימל געוועזן זייער צופרידן, און אויך שטאָלץ געוועזן וואָס אים איז צו געפאַלן דער כבוד און די גרויסע זכיה, צו זיין דער גוטער שליח־צבור.

ער האָט באַרויקט זיין פרוי, וועלכע האָט זיך אקעגנגעשטעלט אַז איר מאַן זאָל גיין מיט דער דאָזיקער מיסיע.

צו מאָרגנס, דאָס הייסט ראש־השנה גאַנץ פרי, שטייענדיק ביי זיין פאַרהאַנגענעם פענצטער, מיט איין אויג דורך א שפּאַלט פון דעם פאַרהענגל געקוקט וואָס עס טוט זיך אויף גאַסט וועלט, באַמערקט חיימל צו זיין גרויסן וואונדער, אַז יידן מיט שטריימלעך, מיט טליתים אונטער דעם אָרעם, ווייבער מיט גראָבע צאנה־וראנה סידורים, גלייך ווי עס וואָלט גאָר נישט געוועזן געשען, גייען זיך פראַנק און פריי צום דאַוונען.

חיימלען איז באַפאַלן א פחד, נאַדיר אזא מעשה, ער האָט זיך געטראַכט און מורא געהאַט גלייכצייטיק פאַר צוויי זאכן ערשטנס, מען זאָל די יידן נישט שלעכט טון בשעת זייער זיין אין די בתי־הכנסת, בעיקר — איז ער כמעט זיכער געוועזן, אַז דער קאָמענדאַנט וועט אים פּערזענלעך פאַראַנטוואָרטלעך מאַכן פאַר דעם וואָס עס איז געשען, מיט דעם אויסרייד, אַז ער האָט מיט א כוונה נישט איבערגעגעבן זיינע רייד און וואָרנונג, און אַז חיימל האָט זיי פשוט געהייסן גיין צום דאַוונען.

ער האָט געבעטן זיין סערעלען, זי זאָל אים צוגרייטן וועש און נאָך קלייניקייטן עסן אויף צוויי טעג און אזוי ווייטער.

ער האָט דערוואַרט יעדע מינוט מען זאָל קומען אים נעמען, און אים אַ וועג שיקן אויף אַן אָרט, פון וועלכן מיינסטן טייל קומט נישט מער צוריק.

געשען איז אנדערש, נישט חיימלען האָט מען דאָס קלענסטע שלעכטס געטון, נאָר אלע וועלכע האָבן זיך געפונען אין שול, זענען פלוצעם פון א גרופּע דייטשישע סאָלדאַטן איבערגעפאַלן געוואָרן, ברוטאַל זיי געשלאָגן, די בערד מיט די הויט אויסגעריסן, אלע שטריימלעך, טליתים, סדורים אָנגעזאַמלט אויף איין באַרג, אונטערגעצינדן, פאַרברענט — געשלאָגן אויף רעכטס און אויף לינקס.

א בהלה און א מהומה האָט ארום געכאַפּט דאָס שטעטל, יעדער האָט זיך געפּרוווט צו ראַטעווען זיין לעבן, פאַרשטעקט ווי מען האָט נאָר געהאַט א באַהאַלטעניש.

דער סך־הכל פון דעם היינטיקן שולגיין איז געוועזן א דרייסיק צעשלאָגענע יידן, חרוב געמאַכט דעם בית־הכנסת, און א צילאָג — אלע יידישע מיידלעך און

פרויען האָבן געמוזט מיט די בלויזע הענט רייניקן דעם גרויסן רינגפלאַץ, פון דעם פּאַראָמרייניקן דורך די פערד, זייט דעם אַריינמאַרש פון די דייטשן אינעם שטעטל.

אויך אונדזער חיימל איז שיער געפאַלן פאַר א קרבן פון א פּראָוואָקאַציע וועלכע האָט אויסגעזען צו זיין אומשולדיק.

צווישן חיימלס צוויי הייזער, איז געווען א גרויסער הויף, דער דאָזיקער הויף איז געווען א פּאַרק פאַר די דייטשע טאַנקען.

ווען די טאַנקען־אָפּטיילונג האָט אין א געוויסן טאָג פאַרלאָזט דעם פּאַרק, האָט חיים צו זיין גרויסער שרעק באַמערקט, אז אין א ווינקל פון דעם פּאַרק ליגט א גרויסע צאָל פון קוילן צו ביקסן און אויך עטלעכע ביקסן, וועלכע האָבן געהערט צו די וועלכע האָבן ערשט ,נישט לאַנג פאַרלאָזט דעם פּאַרק.

די פּראָוואָקאַציע איז געמאַכט געוואָרן, ווי חיימל איז שפּעטער געוואָר געוואָרן דורך א שטעטישן אוקראַינער, וועלכער האָט געהאַט אויף חיימלען א בייז האַרץ, פאַר זיין שטימען אין מאַגיסטראַט תמיד, צוזאַמען מיט די פּוילישע און נישט מיט די אוקראַינישע לאַוניקעס.

חיימל האָט זיך באַלד אָריענטירט אין דער גרויסער געפאַר וועלכע לויערט אויף אים, ער האָט הענדום־פּענדום זיך דורכגעריסן דורך די פון מיליטער פול באַזעצטע גאַסן, אריין צום שטאָט־קאָמענדאַנט, געמאָלדן אז דורך א טעות האָט די טאַנקען־אָפּטיילונג אין זיין הויף איבער געלאָזט א גרויסן קוואַנטום אַמוניציע, ער בעט זייער מען זאָל די אַמוניציע פון זיין הויף צונעמען.

א הייםקומענדיק פון דעם קאָמענדאַנט, האָט חיימל אין זיין וווינונג געטראָפן צוויי סאָלדאַטן, וועלכע האָבן אויף אים געוואַרט.

אויף זיין פראַגע וואָס זיי דאַרפן אים, האָבן זיי קורץ דערקלערט אַז די אַמוניציע וועלכע געפינט זיך אין זיין הויף, איז דורך אים געגנבעט געוואָרן פאַר די יידישע בחורים ,וועלכע גרייטן זיך צו איבערפאַלן דאָס דייטשישע מיליטער.

געהערט אזא מעשה, האָט חיימל באַלד פאַרשטאַנען אַז זיין לאַגע איז אין דער רגע כמעט נישט מער צו רעטען.

אינטערעסאַנט ! יעצט האָט זיך ווידער באַשטעטיקט, אז ווען חיימל געפינט זיך אין א נויט, קומט כמעט אין דער לעצטער רגע אויף אים א ישועה, ער גייט תמיד אַרויס גאַנץ פון דער געפאַר וועלכע האָט אים באַדראָט.

נישט פיל קלערענדיק, זאָגט ער צו די זעלנער, נישט נאָר דאָ האָב איך אָנגעזאַמלט אַמוניציע, ער האָט, זאָגט ער, נאָך אויף אַן אָרט אַן אָנגעזאַמלטן לאַגער מיט פאַרשידענע מיליטער כלים, א פיל גרעסערן ווי זיי האָבן געטראָפן אויף זיין הויף.

ער לאָזט די צוויי סאָלדאַטן נישט קומען צום וואָרט, מאַכט א שריט פאַראויס בעט זיי זאָלן מיט אים מיטגיין צו זיין צווייטן אָנגעזאַמלטן מאַגאַזין, ער גייט מיט

זיי גלייך אריין צום קאָמענדאַנט, מיט א אויפגעצוווּנגען געלעכטער און כלומרשט פארוווּנדערט, ווענדעט ער זיך צום קאָמענדאנט, ער פארשטייט נישט וואָס דאָ קומט פאָר?

ווער האט אייגנטלעך, פרעגט ער אומשולדיק, אין דער שטארקסטער און דיסציפּלינירטער ארמיי אויף דעם גאנצן ערד קיילעך צו באשטימען?

אן אָפיציר, אין דעם פאל זאָגט ער — דער שטאטקאמענדאנט, אָדער צוויי פשוטע זעלנער?

ער פארשטייט נישט, זאָגט ער ווייטער צום אָפיציר, ערשט פאר א שעה האָב איך אייך איבערגעגעבן צו אייער דיספּאָזיציע די גאנצע אמוניציע וועלכע די טאנקאָפּטיילונג האט על־פי־טעות איבער געלאָזן אין מיין הויף, פלוצעם פארלאנגען די צוויי פשוטע סאָלדאטן ער זאָל זיי געבן די דאָזיקע אמוניציע, זיי דראָען מיך גלייכצייטיק מיט א שטראָף, אויב איך וועל נישט אויספאָלגן זייער באפעל.

ער ווייסט נישט וואָס ער האָט צו טון?

ער בעט זייער אז דער קאָמענדאנט זאָל פסקנען וואָס ער, חיימל דארף טון אין דעם פאל?

די צוויי גויים זענען באלד ווייס געוואָרן ווי קאלך.

ער, דער אָפיציר האָט באמערקט אין זייערע פרצופים די ווייסקייט, נישט ארויסגערעדט א וואָרט, א קלונג געגעבן מיט א גלעקל, באלד איז אריינגעקומען א יונגער אָפיציר, האָט מיט זיי א קאמאנדיר געגעבן "קערט אויך, מארש".

די צוויי מנוולים, זענען ארויס פונעם קאָמענדאנטס צימער, חיימלן האָט ער באלד באפרייט, געשיקט אן אויטאָ מיט סאָלדאטן אָפּצונעמען די געבליבענע אמוניציע.

ביז היינט ווייסט נישט חיים וואָס מיט די צוויי סאָלדאטן איז געשען, בעיקר — איז אין דער רגע חיימלען פארשטענדלעך געוואָרן, ווי ער האָט זיך שפּעטער באַרימט פאר זיינע תלמידי־חכמים, דער מאמר פון די חז"ל: חוצפה אפילו כלפי שמיא מהניא, דאָס הייסט — "פרעכהייט" בפרט ווען דער מענטש געפינט זיך אין אן נויט, העלפט אפילו ביי גאָט אליין.

אזוי ווי, זאָגט חיימל, ער האָט געזען אז זיין לאגע איז כמעט נישט מער צו רעטן, האָט ער געמאכט דעם דאָזיקן חוצפהדיקן און נארישן שריט, און די דאזיקע חוצפה האָט טאקי חיימלען אָפּגעראטעוועט דאָס לעבן.

צוויי וואָכן האָט די היטלערישע־בעסטיע געווילדעוועט אין זייער שטעטל, יעדן טאָג זענען געווען אנדערע אויפטרייסלונגען, ביז א געווויסן טאָג האָבן די דייטשן צום צווייטן מאָל פארלאָזט דאס שטעטל, איבערלאָזנדיק דעם גאנצן גרענעץ־פאס, פאר זייערע שותפים די באָלשעוויקעס.

דורכן איבערנעמען דורך די באָלשעוויקעס דאָס שטעטל, האָבן די יידן אָפּגעאָטעמט נאָך ד צווי וואָכיקע טויט־שרעק אונטער דער דייטשער הערשאַפט.

אינעם ערשטן טאָג פון זייער איבערנעמען די מאכט, האָבן די באָלשעוויקעס באַלד אָרגאניזירט אַ היימישע פארוואלטונג.

צום סטאראָסטווע האָבן זיי באַשטימט דעם אנאלפאבעט זיסעלע באגרובער, צום בירגער־מייסטער בייניש פוסטער און צום פּאָליציייקאָמענדאנט אן אוקראַינישן פאסטעך.

דאָס דאָזיקע "קלעבלעטל", האָט אינעם נאָמען פון קארל מארקס "עשרת־הדברות", געהערשט אין חיימלס שטעטל און אויך אויף אים פערזענלעך.

ווען די רוסן האבן נאָך א צוויי וואָכיקן הערשן ווידער געמוזט, און דאָס מאָל אויף תמיד פארלאָזן דאָס שטעטל לטובת די דייטשן, האָט די יידישע באפעלקערונג פארשטאַנען, אז עס איז זיי געגעבן געוואָרן דער לעצטער שאנס זיך צו ראטעווען פון דער ברוינער מגפה, מיטצוגיין מיט די באָלשעוויקעס, און אזוי ארום פטור צו ווערן פון די צרות.

אינעם טאָג פונעם באָלשעוויקעשן אָפּמארש, האָט זיך מעשה־שטן — חיימל נישט גוט געפילט, עס איז אים באפאלן א שווערער רעמאטישער שמערץ אין קרייץ, ער האָט זיך פשוט נישט געקענט באוועגן פונעם אָרט.

די רוסן האָבן דערלויבט אלע וועלכע האָבן עוואקוירט, מיטצופאָרן אויף זייערע לערע אויטאָס.

די פארטיילונג פון אזעלכע פשעפוסטקעס, האָבן זיך געפונען אין דער האנט פונעם "סטאראָסטווע" זיסעלע באגרובער.

חיימל, געפירט פון צוויי מענטשן, האָט זיך מיט שווערע מי און גרויסע שמערצן ארויפגעדראפעט צו דער קאנצעלאריע ווי עס איז פון סטאלינס גענאד, געזעסן אלס הערשער דער דאָזיקער חבר זיסעלע, געטיילט פשעפוסטקעס און זיך געבלאָזן ווי אן אינדיק.

ווי ער האָט נאָר דערזען חיימלן, האָט ער מיט א קול פון א הערשער אזוי סתם זיך אין דער וועלט אריין, א פרעג געטון כמעט אין א פּאָזיציע ווי א קיסר נעראָ, נישט קוקענדיק חיימען אין פנים: וואָס וויל ער דאָ?

חיים האָט אים דעם „נארקאָס" דערציילט פון זיין קראנקהייט, ער וויל אויך פארלאָזן דאָס שטעטל, און אזוי ווי ער קען נישט גיין, בעט ער א פשעפוסטקע צו קענען פאָרן.

זיסעלע באגרובער האָט חיימן קורץ דערקלערט, ער וועט א פשעפוסטקע נישט באקומען ,ער ,דאָס הייסט זיסעלע, וואַרט שוין פיל יאָרן אויף דער געלעגנהייט, אז חיים און זיינס גלייכן זאָלן פילן דעם טעם פון באהערשט צו ווערן פון אנדערע, און דווקא פון אזעלכע פארשוינע ווי זיסעלע באגרובער.

נישט געפויעלט, איז חיימל געצוווּנגען געווען צו דינגען א מיעשטשאנסקע פאָר, פאר א גאָר גרויסע סומע געלט, כדי אים מיט זיין משפחה אריבערצופירן אין דער רוסישער צאנע, וואָס איז אים אויך געלונגען.

צו מאָרגנס, האָט זיך חיימל געפונען אין אן אָרט וועלכעס עס האט בלי־ספק געהערט צו די באָלשעוויקעס.

אזוי האט זיך חיימל מיט זיין משפחה כמעט אין דער לעצטער מינוט געראטעוועט פון היטלערס נעגל.

באלד האָט ער זיך איבערצייגט, אז עס איז נישט קיין צוועק צי זיצן אין דעם קליינעם שטעטל ניעמיראָוו, ער האָט א דאנק זיין פרוי סערעלע, באשלאָסן צו וואנדערן אויף מזרח, געוועלט האָבן זיי די שטאָט לעמבערג.

אין לעמבערג זענען אין דער צייט שוין געווען ווי עס האָט געהייסן, א צוויי הונדערט טויזנט יידישע ביעזשענצים (פליכטלינגע).

מיט שווערע מי איז אים געלונגען צי דינגען, ווייט הינטער דער שטאָט א קליין פייכט צימערל פאר טייער געלט.

דער ערשטער שריט פון די באָלשעוויקעס אין מזרח־גאליציען איז געווען צו קאָנפיסקירן אלע גרויסע פאבריקן און געשעפטן.

דער צווייטער שריט, כדי צו געפונען חן אין די אויגן פון דער איינהיימישער באפעלקערונג, האָבן זיי איינגעפירט שולן אין אלע שפראכן פון די פעלקער וועלכע האָבן באוווינט גאליציען, ד. ה. פויליש, רוטעניש און יידיש.

ביי דעם רוב אינטעלעקטועלע גאליצישע יידן, האָט אין זייערע אויגן א יידישע שולע אויסגעזען קאָמיש, זיי האָבן נישט פארשטאנען אז יידיש איז געווען א שפראך ווי אלע שפראכן, וועלכע האָט אויך איר גראמאטיק, רעגלען, בוי און היסטאָריע.

ביי אזא יידישער לעקציע אין לעמבערג, דורך א סאָוויעטיש־יידישן לערער, האָט אונדזער חיימל בייגעווינט אזא מין ספעקטאקל.

דער זאל פול מיט איינגעלאַדענע בירגער פון ביידע געשלעכטער און פון פארשידענע פּרופעסיעס, מעדיקער, אינזשינערן, לערער, פּראָפעסאָרן, סוחרים און אנדערע.

אויף דעם פולט שטייט דער יונגערמאן מיט אן אויסגעשפראָכן נ י ש ט אינטעליגענט פנים, נעבן אים א גרויסע שווארצע שולטאוול, לערנט מיטן עולם ווי מען זאָל זאָגן אויף ריכטיק יידיש דעם זאץ: דעם ט ש ע מ אָ ד א ן ארויפלייגן אויף דער פּ ו ל ק ע.

נישט קושידיק יידיש לשון, האָבן זיך אלע געטראכט.

נאָך עטלעכע דערקלערונגען, בעט ער די ״שילער״ אויפצושטיין, מיט די הענט צו באַוועגן לויט זיין קאָמענדע.

אויף דעם זאָץ: דעם טשעמאָדאַן ארויפלייגן, זאָל דער ״נארוד״ די הענט הויך הייבן, אויף דעם זאָץ: דעם טשעמאָדאַן אראָפּלאָזן, זאָלן אלע די הענט אראָפּלאָזן, און אזוי באַוועגן זיך עטלעכע מינוט הונדערטער הענט פון לעמבערגער סטודענטן, לערער, דאָקטוירים, פּראָפעסאָרן און אנדערע אינטעלעקטן, ארויף און אראָפּ.

דאַן פרעגט ער זיינע תלמידים, וואָס מוז מען אויפהויבן?

אַלע ענטפערן ווי איין מענטש — אויפהויבן דעם טשעמאָדאַן. חאַראַשאָ....

וואָס מוז מען אראָפּלאָזן?

אויף דער דאָזיקער שאלה, קומט אַ תשובה פון כמעט אלע מענער:

אראָפּלאָזן מוז מען די הויזן... פּלאַכאַ שרייט ער...

די פרויען האָבן זיך פארויטלט, אראָפּגעלאָזט די אויגן, שנעל פארלאזט די באָלשעוויקישע שולע.

דאָס יונגעמאַנטשיקל איז געבליבן אליין אינעם זאַל, ווי אַ אָפּגעשמיסן יונגעלע האָט ער זיך ארויסגעשאַרט און פארשוואונדן.

דער דאָזיקער כלומערשטער לערער האָט שפּעטער ערקלערט, אַז אין סאָוויעטסקי סאָיוז, הייסט אַזאַ זאַך ״סאַבאָטאַזש״, און פאַר דעם פארשיקט מען אויף צען יאָר צו די ווייסע בערן.



געהערשט האָט אין דער גרויסער שטאָט לעמבערג, ווי אין גאַנצן סאָוויעטסקי-סאָיוז, אַ מאַנגל אין אַלעם וואָס הייבט זיך אָן מיט אַ.

אנהויבנדיק פון אַ שיך, אַ העמד, אַ קלייד, אַ ברויט, אַ נאָדל, אַ זייגער א.ז.וו.

חיים האָט זיך אינצווישן באַקאַנט מיט דעם נאַטשאַלניק פון דער לעמבערגער ראַפינעריע, ער האָט באַזאָרגט פאַר די ארבעטער פּראָדוקטן, קליידער און שיך, באַצאָלט האָט ער באַקומען נישט מיט קיין געלט, נאָר פארשידענע אַלקאָהאָלישע געטראַנקען.

יעדן חודש האט חיים ארויסבאקומען פון דער ראפינעריען טויזנטער ליטער פון ליקערן, קאָניאק און הויפטזאך אכט און נײַנציק פּראָצענטיק שפּירטוס.

די ביזנעס האָבן זיך ביי אים מיט א יעדן טאָג פארבעסערט און פארגרעסערט, ער האָט שוין געהאָט גענוג געלט זיך צו דינגען א גרויסע שיינע וווינונג.

פּלוצעם ווערט אין דער שטאָט פארשפרייט א נייעס, אז מען וועט אלע מענער ביזשענצים, וועלכע האָבן זיך אָפּגעזאָגט צו טוישן זייער פּוילישע בירגערשאפט אויף סאָוויעטישע, אוועק שיקען צו די ווייסע בערן, אָדער אין די טייגעס.

באלד הערט מען באמת אז פאריגע נאכט האָט מען אין די גאסן פון א געוויסן פערטל אין לעמבערג, ארויסגענומען פיל מענער, און מען ווייסט נישט ווי זייער געביין איז אהינגעקומען.

עס האָט אויך נישט לאנג געדויערט, האָבן זיך די נ.ק.וו.ד. באוויזן אין חיימלס געגנט, ארויסגענומען דאָ און דאָרט א טאַטען, א זון, א ברודער א.ז.וו.

באלד האבן זיי אויסגעשפּרייט דעם גרוש אויך אויף גאנצע פאמיליעס.

אין א געוויסן פרייטיק פינעם חודש יוני האָט חיימל זיך פאָרטרויט פאר זיין פרוי, אז דאָס הארץ זאָגט אים, אז היינט אין אָוונט וועלן זיך די כאַפּערס באוויזן אויך אין זייערע גאסן.

זיין סערעלע האָט, נישט פיל טראכטנדיק, מסכים געווען אז ער זאָל די היינטיקע נאָכט שלאָפן ביי א יידישן שכן א לעמבערגער בירגער, וועלכער איז געוואָרן א סאָוויעטישער, ער איז זיכער געווען אז אים וועט מען נישט ארויסשיקן.

אַזוי ווי עס איז אין דעם דאָזיקן פרייטיק צו נאכט זייער היים און דושנע געווען, האָט חיימל בשום אופן נישט געקענט א גאנצע נאכט שלאָפן.

דריי א זייגער פאר טאָג, שטייט ער ביים אָפענעם פענצטער כדי צו שעפּן א ביסל פרישע לופט.

אוי א בראָך! אין דעם מאָמענט ווערט אים פינצטער פאר די אויגן.

ער ווייסט נישט צי איז דאָס א חלום, אָדער אן אמת.

פאר זיינע אויגן פירט מען פארביי אין א וואגן, זיין גאנצע פאמיליע מיט שק אין פאק, באגלייט פון א טאַטערישן געשטופּלטן נ.ק.וו.ד. מאן.

ער וויל שרייען, אָבער עס גייט נישט, זיין קול איז ביי אים ווי אָפּגענומען, ער קען קיין איינציק וואָרט נישט ארויסברענגען פון זיין מויל.

באלד, ווי אין אלע זיינע נויטן, פאלט אים איין אַ גוטער געדאנק, וואָס עס וועט זיין מיט זיין ווייב און קינדער, זאָל זיין אויך מיט אים.

ווי א פארוווּנדערטער וואָלף, טוט ער א שפּרונג ארויס אויף דער גאס, אין

זיין נאכט-פיזשאמע, לויפט ער נאָך דעם וואגן, זיין פרוי, זיצענדיק מיט דעם פנים אויף צוריק, האָט באמערקט ווי ער לויפט אין דער ריכטונג צו זיי.

פאר גרויס פחד וואָס זי האָט אָפגענארט דעם טאטער בשעת ער האָט זיי פארנומען, זי געפרעגט, ווי עס געפינט זיך איר מאַן?

האָט זי אים דערציילט א ליגן אז ער איז פארייזט זייער ווייט, און פּלוצעם איז ער גאָר דאָ אויפן אָרט? לויפט זיי נאָך, און ווער ווייסט מיט וואָס פארע בייזע געדאנקען?

אזוי האָט זיין סערעלע געטראכט.

פארטון אין אירע געדאנקען, ווייזט זי אים טראָצדעם, מיט דער האנט, ער זאָל לויפן אויף צוריק.

חיימל האָט אין דעם מאָמענט פארשטאַנען, אז ער מוז זיך געפונען צוזאמען מיט זיין ווייב און קינדער, מיט שנעלע שריט האָט ער דערגרייכט דעם וואָגן.

דער אידיאָטישער באָלשעוויק, פרעגט אים ווער ער איז און וואָס ער וויל?

אויף דעם ענטפער פון חיימל: עטא מאיא סעמיא, באקומט ער א קלאָרע תשובה: דאוואי;

חיים איז איינגעשטיגן אינעם וואָגן.

געבראכט האָט מען זיי אויף דעם וואקזאל, ווי עס האָט אויף זיי געווארט א גרויסער עשאלאָן פון צענליקע בהמות-וואגאָנען, אין וועלכע עס זענען געווען צוזאמענגעטריבן מענער, פרויען און קינדער פון גאנץ לעמבערג.

א טאָג מיט א נאכט זענען זיי פארשפארט געוועזן אין דעם עשאלאָן איידער ער האָט פארלאָזט דעם וואקזאל אויף דעם וועג צום נייעם גלות.

ביז זיי האָבן דערלעבט זעען אן עק און א סוף פון דער לאנגווייליקער רייזע, האָט געדויערט איבער צוויי וואָכן, אין וועלכע מען האָט פארבראכט טאָג איין, טאָג אויס אין געהאקטע צרות, ביז מען איז צוגעקומען צו אן אָרט מיט דעם עקסאָטישן אויסטערלישן נאָמען "צשאבאקסארי".

אונז האָט זיך געדאכט, אז דאָ איז עק וועלט.

אין דער רעכטער זייט פינעם גרויסן טייך, איז געלעגן דאָס שטעטל, לינקס פונעם טייך א ווילדער דזשונגל פון געדעכטע נאָדל וועלדער.

אזעלכע וועלדער זעט אויס זענען פון אייראָפּע מיט טויזנטער יאָרן צוריק פארשוווּנדן געוואָרן.

אויפן ברעג טייך האָט געאנקערט א אלטע שיף, אין וועלכער אלע זענען ווי בהמות אריינגעטריבן געוואָרן.

אויף א פראגע, פאר וואָס מען באהאנדלט זיי אזוי ברוטאל? האָט מען

באקומען די קלאסישע און באקאנטע תשובה: ניטשעוואָ, פריוויקניש אילע זדעכניעש — דאווּאי.

דער דאַזיקער טייך איז די באַרימטע "וואָלגע".

געשווומען איז מען לענגאויס דער וואָלגע פיר טאָג און פיר נעכט.

געזען האָט מען נאָר הימל און וואלד.

נאָך די פירטעגיקע רייזע, האָט מען היימלן מיט זיינע ליידענס־שותפים איבערגעלאדן אין אַ קליינער אפענער וואלדבאן, וועלכער האָט אויף זיי געמאכט אַ טרויעריקן איינדרוק, אין געוואָרט אויף זיי אויף דעם לינקן טייכברעג.

מען האָט זיך ווייטער געשלעפּט אַ טאָג מיט אַ נאכט, אָבער דאָס מאָל אין אַ טיפן וואלד.

צו מאַרגענס־פאַרנאכט, האָט זיך דאָס באנדל אָפּגעשטעלט אין וואלד וועלכעס האָט זיך געפונען אין מיטן אַ ריזיקן זומפּ.

דעם ערשטן "ברוך־הבא", האבן זיי באקומען פון די מיליארד קאָמארעס וועלכע זענען באפאלן זייערע פרישע פנימער, הענט און פיס.

די קאָמאַרעס האָבן איבער זיי ארומגעטאנצט און ארומגעזשומעט מיט אַ געוואלדיקער שמחה, עס זעט אויס אַז דאָס פרישע בלוט וועלכעס זיי האָבן געזויגן פון די נייע מענטשן, האָט זיי זייער גוט געשמעקט.

די נישט דערפאַרענע מענטשן, האָבן דאָס ערשטע מאָל אין זייער לעבן געזען אזא מין וועלט.

די דאָרטיקע וועלט באשטייט פון צוויי עלעמענטן:ביימער און קאָמארעס.

דער באלעבאָס איבער די דאָזיקע צוויי עלעמענטן, איז די סאָוויעטישע נ.ק.וו.ד. וועלכע הערשט אומגעשטערט ברוטאל, איבער די מיליאָנען "זאקלאטשאָ־נעס" וועלכע געפינען זיך אַלס אומזיסטיקע ארבעטער־שקלאפן אין די דאָזיקע טייגעס.

אין אזא גיהנום האָט מען געבראכט היימלן מיט זיין משפחה.

ווען דאָס באנדל איז פלוצעם אויף דעם דאָזיקן, פון גאָט פארגעסענעם אָרט שטיין געבליבן און זיי זענען דורך די מיליציאָנערן ברוטאל פון די וואגאָנעס אַרויסגעטריבן געוואָרן, האָבן זיי אין דער ערשטער רגע נישט פארשטאָנען וואָס אייגענטלעך מען פארלאנגט פון זיי.

עס איז אפּסאָלוט נישט איינגעפאלן, אַז אין דעם דאָזיקן פינצטערן וואלד איז דורך דעם גרויסן "מענטשן־דערלייזער", פאר זיי באשטימט געוואָרן אלס נייע היים.

די נ.ק.וו.ד. האָט זיי באלד אויפגעוועקט פון זייער נאיווקייט, זיי זענען אויף

אַ קאַטעגאָרישן אופן אינפאָרמירט געוואָרן, אַז דאָ, אין דעם דאַזיקן וואַלד וועלן זיי בלייבן אויף אייביג, ווייל דאָס איז דער אָרט, וועלכער דער חבר סטאַלין האָט פאַר זיי באַשטימט, און צוגעגעבן: ע ט א ו ו ש י א.

דער קאָמענדאַנט סמירנאָוו, אַ יונגער שגץ, אַ שונא־ישראל, און פון נאַטור אַ סאַדיסט, האָט שטרענג באַפוילן זיך צו באַזעצן אין די הילצערנע באַראַקן, וועלכע זענען געוועזן שרעקלעך שמוציק, פאַרוואַרלאָזט, מיט צעבראָכענע שויבן.

אויף די ווענט באַשריבן, מיינסטן נעמען פון פאַרשידענע מענטשן און פאַרשידענע שפּראַכן, מענטשן אומגליקלעכע ווי זיי, וועלכע האָבן פריער דאָ געהויזט, געאַרבעט אין די וועלדער, געהונגערט און זייערע לעבענס איבערגעלאָזט אין דעם דאָזיקן חושעכדיקן, פון גאָט פאַרלאָזענעם דזשונגל.

חיימל האָט באַקומען אַלס "דירה" פאַר זיין פינף־קעפּיקע פאַמיליע, אַ שמאָלן פאַרסמאַליעטן, שמוציקן קאָרידאָר, פול מיט קליינע קראַציקע און בייסיקע חיולעך באַזעצטע ווענט, אין וועלכן עס האָט קוים געקענט שטיין אַ פּריטש, אויף וועלכן אַלע פינף זענען שפּעטער געשלאָפן.

אין זיין דירה אַריינצוקומען, האָט ער געמוזט דורכגיין אַ צימער פון דעם זעלבן שמוציקן צושטאַנד, אין וועלכן עס איז צוגעטיילט געוואָרן פאַר דריי אַנדערע פאַמיליעס.



נאָך דער שווערער רייזע, האָבן די מענטשן באַקומען אַן „אָטדיך" פון אַ טאָג.

דעם צווייטן טאָג פינף אַזייגער באַגינען, האָט אַ מיליציאָנער מיט אַ פּאָר דורכשטעכיקע מאָנגאָלישע אויגן, מיט אַ פּנים ווי פון אַ מענטש פון דער ערשטער שטיין־צייט, דעם גאַנצן עולם — שקלאַפן, פון קליין ביז גרויס, מענער פרויען און קינדער, געזונטע און קראַנקע, יונגע או אַלטע, אַרויסגעטריבן פון די באַראַקן.

נעבן באַראַק פונעם קאָמענדאַנט סמירנאָוו, איז געלעגן אַ הויפן מיט וואַלד־כלים ווי: זעגן, האַנטזעגלעך, פיילן, העק, שטריק, פאַרשידענע קלינעס און נאָך אַנדערע אַזעלכע מכשירים.

דאַנעבן, איז געווען אַ צווייטער הויפן מיט געשפּאַן־געשיר ווי: בייטשן, נאַגייקעס, לייצעס, פאַרשידענע טאָרבעס, זעק, גלעקלעך, שפּראַנטשקעס, הופאייזנס און נאָך.

די מענטשן האָבן זיך געקענט אויסוויילן צו אַרבעטן ביי ביימער־שניידן אין

וואלד אָדער אלס "איזוואָשטשיק", וועלכער האָט די געשניטענעביימער פונעם וואלד ארויסגעפירט.

א דריטע גרופּע איז געווען, די אזויגערופענע "גרוזטשיקעס", צו דער דאָזיקער מיוחסדיקער גרופּע, האָט סמירנאָוו באשטימט נאָר יונגע געזונטע מענער.

אונדזער חיימל האָט געכאפּט א זעג, זיך פארשריבן אלס וואלד־ארבעטער.

די מענטשן האָט מען פארטיילט אין "בריגאדעס", מיט יעדער בריגאדע איז מיטגעגאנגען א מיליציאָנער, און אזוי האָבן די דאָזיקע פרעמדע בירגער, וועלכע האָבן נישט געהאט קיין אנונג מיט וואָס אמתדיקער קאָמוניזם שמעקט, אָנגעהויבן צו פילן דעם טעם פונעם קאָמוניסטישן גן־עדן, פאר וועלכן צענטליקער מיליאָנען מענטשן האָבן געמוזט אָפּפערן זייערע לעבנס.

די ארבעט האָט זיך אָנגעהויבן פינף א זייגער, יעדע צוויי שעה האָט דער מיליציאָנער דערלויבט צו מאכן א "פריקורקע" דאָס הייסט, צו רייכערן א ציגארעטל.

דאָס ציגארעטל איז באשטאנען, פון שווארצער מאכארקע, אָדער פון סתם צעריבענע טרוקענע בלעטער, געוויקלט אין צייטונג־פּאפּיר.

געענדיקט האָט מען די ארבעט פאר זון־אונטערגאנג.

אויף יעדער בריגאדע איז ארויפגעלייגט געווארן א „נאָרמע", אזוי און אזוי פיל קוביק מעטער געהילץ מוז די בריגאדע במשך א טאָג צושטעלן.

געווענלעך, אזא נאָרמע אויסצוארבעטן איז געווען איבער די כוחות פון די פרעמדע מענטשן, איך שטרייך אונטער "פרעמדע", ווייל די אייגענע רוסישע זאקליוטשאנעס וועלכע האָבן געפוילט און געארבעט אין דעם זעלבן וואלד, האָבן "נונענס־וואלענס", יאָ צוגעשטעלט די נאָרמע, אָבער נאָך א פּאָר אזעלכע נארמעס, האָט זיך דער נאָרמעצושטעלער פּלוצעם א לייג אנידער געגעבן אין וואלדזומפּ, און אויסגעהויכט זיין נשמה.

אונדזערע מענטשן האָבן געזוכט פארשידענע עצות, זיך ארויסצודרייען פון אזא אָנגעשטרענקטע שקלאפן־ארבעט, עס זענען דורך דעם אויסגעבראָכן פארשידענע קאָנפליקטן.

די מענטשן האָבן א יעדע עטלעכע טאָג געוועקסלט די ארבעט, פון א וואלד־אַרבעטער אויף א פורמאן, באלד אויף א וואסערטרעגער און ווידער צוריק צו זיין ערשטע ארבעט.

אַזוי איז אנגעגאנגען דער געראנגל פון די אומגליקלעכע, וועלכע זענען פארטריבן געוואָרן, ווי זיי האָבן עס אין ביטערן שפּאס גערופן, אין דעם לאנד פון די גליקלעכע.

אויך אונדזער חיימל האָט געזוכט זיך לייכטער צי מאכן זיין פארשקלאפּט לעבן, געוועקסלט זיין ביטערע וואלד־ארבעט אויף פורמאנסקי־ארבעט דאָס הייסט, אונדזער חיימל איז צו מזל געוואָרן אן "איזוואָשטשיק".

זייט ער האָט געלעבט, האָבן זיינע צאַרטע הענט קיין פערד נישט אָנגערירט.

אויך יעצט ווען ער האָט זיך געמאָלדן ביי דעם שטאַלמייסטער, אַ געוויסער פאַן הראביע ראַצינסקי, אַ פּאָליאַק וועלכער איז גלייך מיט חיימלן געוועזן אין דעם דאָזיקן לאַגער, ער זאָל אים אויף דעם באַפעל פון סמירנאָוו, געבן אַ פערד מיט אַ וואָגן.

האָט דער דאָזיקער פּוילישער גראַף, נישט קיין גרויסן חשק געהאַט, אין די הענט פון דעם געוועזענעם ישיבה-בחור, איבערצוגעבן אַ פערד.

אויף חיימלס פראַגע, וואָרום ער וויל אים נישט געבן דאָס פערד?

ענטפערט ער אים גאַנץ פּשוט, ווייל ער האָט רחמנות אויף ביידע גאָטס באַשעפענישן.

ער האָט מורא, אַז דאָס פערד זאָל נישט האַרגענען חיימן, אָדער פאַרקערט — חיים זאָל נישט דערהאַרגענען דאָס פערד.

ער האָט אָבער טראָצדעם רחמנות באַקומען אויף אים, געגעבן חיימן אַ פערד, געהייסן אים אַרויסרייטן אין אַ צווייטן לאַגער וועלכער איז געלעגן אַ צען קילאָמעטער טיפער אינעם וואַלד, צו ברענגען פון דאָרט פאַר זיך אַ געשפּאַן, זאַכן וועלכע האָבן אויסגעפעלט ביי ראַצינסקין אין שטאַל.

אויף חיימלן איז געפאַלן אַ אימה אַ פּחד.

ווייניג בלוט פאַרלירט ער, נאָר פאַר דעם געדאַנק אליין אַז אָט אָט, מוז ער דאָס פערד באַרירן, און עס קאָן דאָך געמאָלט זיין, האָט ער זיך געטראַכט, אַז ביי דער ערשטער באַרירונג זאָל דאָס פערד אים אָפּבייסן די פינגער, אָדער די קישקעס פון דעם בויך אים אַרויסזעצן, הייסט ער אים גאָר רייטן און דאַצי אין טיפן וואַלד, גאַנץ אַליין מיט אַזאַ גרויסער און ווילדער חיה, מיט וועלכע ער ווייסט נישט ווי אַזוי מען הייבט אָן מיט איר צו רעדן.

חיים האָט זיך דערמאַנט אין דער ערשטער רוסישער תורה, וועלכע מען האָט אים אויסגעלערנט קומענדיק אין דעם קאָמונסטישן גן-עדן: פּריוויקניש אילע...

חיים, איינשטעלענדיק זיך זיין לעבן, האָט נישט מיט זיכערע טריט זיך דערנענטערט לאַנגזאַם צום פערד, מיט ציטערנדיקע הענט, און זאָגענדיק דאָס באַקאַנטע: אלוהי מאיר עננו ד.ה. גאָט פון ר' מאיר העלף מיר, געגלעט דאָס פערד, לאַנגזאַם מיט די לייצעס דאָס נאַרישע פערד אַרויסגעצויגן פונעם שטאַל, זיך אַרויפגעשטעלט אויף אַ טיש, פאַרמאַכט די אויגן, אַרויף אויפן סוס, די פיס אַריינגעשטעקט אין די שפּורן, מיט ביידע הענט פעסט זיך געהאַלטן ביי די לייצעס, און איידער ער האָט זיך אָריענטירט אין זיין נייער לאַגע, האָט דער שטאַלמייסטער מיט אַ גומי שטעקעלע אַ שמיץ געגעבן דעם סוס איבער זיינע הינטערשטע פיס.

אין דעם מאָמענט האָט זיך דאָס פערד שטאַרק דערשראָקן, זיך אַ שטעל אויף געגעבן אויף די צוויי הינטערשטע פיס.

חיימל האָט זיך נעבעך מיט פאַרמאַכטע אויגן, אויסגעבויגן צום הינטערשטן טייל פונעם פערד, זיך מיט אַלע כוחות פעסטהאַלטענדיק מיט אַ גלייכגעוויכט אין די לעדערנע לייצעס, זיך ווידער ווי אַ מאָל אינעם שפּיטאָל, דערמאָנט אין הייליקן בעש״ט, און אין אַזאַ ״הערקולישע״ פּאָזיציע געבליבן הענגען צווישן הימל און ערד אַ פּאָר מינוט, וועלכע זענען פאַר חיימלען געוועזן אַן אייביקייט.

גאָט האָט דערהערט חיימלס תפילות, דאָס פערד האָט זיך ווידער אויסגעגלייכט, און באַלד אַ לאָז געטון אין טראָפּ מיט אונדזער העלד אַ פּאָר הונדערט שריט.

דאָס קאָמוניסטישע פערד איז באַלד שטיין געבליבן, געוואַרט אויף חיימלס ווייטערן באַפעל, אויף זיין איינדרוק, אָדער אויף אַ צווייטן שמיץ.

מיט אַלע כוחות האָט זיך חיים געהאַלטן עקשנותדיק, ער איז נישט אַרונטערגעפאַלן פונעם פערד, און אַ וווּנדער איז געשען.

דער צאַרטער היימל, איז אין דער רגע צוגעקלייפּט געוואָרן צום פערד, אין אַ גאָר קורצער צייט געוואָרן כמעט דער בעסטער ״איזוואָשטשיק״, און נאָך בעסערער רייטער אין גאַנצן לאַגער.

דער פורמאַן-ישיבה-בחור, האָט זיך באַלד צוגעוווינט צו זיין פערד.

דאָס דאָזיקע קאָמוניסטישע פערד, איז אין זיינע אויגן חשובער געוואָרן פיל מער, ווי דאָס לעגענדאַרישע פערד פונעם קיסר קאַליגולע, וועלכער האָט עס באַשטימט צום סענאַטאָר אין זיין רוימישער אימפּעריע.

אַזוי ווי עס איז חיימלען שווער געוועזן די וואַלדאַרבעט, אַזוי איז אים אויך שווער געוועזן דאָס אַרויספירן פונעם האָלץ פון וואַלד.

ער האָט ביי זיך געטראַכט, מוסר נפש זיין פאַר דעם קאָמוניסטישן נביא סטאַלין, זאָלן אַנדערע, ער בשום אופן וועט דאָס נאַרישקייט נישט טון.

ער וועט קיין מאָל נישט זיין פון די, וועלכע זינגען דאָס באַקאַנטע גלאַדיאַטאָרן ליד צו זייערן קיסר איידער זיי געבן אוועק זייערע לעבענס פאַר אים: ״אַווע צעזאַר מאַריטורי טע סאַלופאַמוס״ ד.ה. געבענטשט ביזט דאָ קיסר פון די וועלכע גייען שטאַרבן פאַר דיר.

צו בענטשן דעם חבר סטאַלין האָט ער קיין גרויסן חשק נישט געהאַט, און נאָך ווייניקער אָפּצוגעבן זיין לעבן פאַר אים.

חיימל, האָט געהייסן מיט אַ מאָל איז קראַנק געוואָרן, ער איז אין דעם דאָזיקן טאָג נישט אַרויס צו דער אַרבעט.

ער האָט נאָך רעכט נישט געהאַט איינשטודירט אַ תרוץ פאַר זיין היינטיקן נישט קומען צו דער אַרבעט, נאָך נישט געענדיקט זיין פּנים צו דערהיצן ביים פלאַמענדיקן אויוון דאַמיט עס זאָל אויסזען פאַרפלאַמט ווי ביי אַ ריכטיקן קראַנקן וועלכער האָט שטאַרק פיבער — ברוך הבא!

סמירנאָוו איז דאָ.

אַ טשטאָ טאקוי? פרעגט ער חיימן.

דער פסעוודאָ-קראַנקער דערקלערט אים, אז ער האָט פלוצעם באַקומען היץ און דאָס דוקא זער הויכן פיבער, בויך קרעמפן, ער קען דורך דעם היינט בשום אופן נישט גיין צו דער ארבעט.

די ערשטע רפואה וועלכע דער קראַנקער האָט באַקומען, איז געווען סמירנאָווס באַפעל צום מאגאזינער, צו פאַרקלענערן דאָס טעגלעכע ברויט פון אַכט-הונדערט אויף פיר הונדערט גראַם.

די צווייטע רפואה, אַן ענלעכן באַפעל אין "סטאלאוואַיע", דעם טעגלעכן בארשט, וועלכן די ארבעטער האָבן באַקומען נאָך אַ טאָג שווערער ארבעט, חיימלען נישט מער צו געבן.

אויף חיימלס נאַיווער פראַגע, ווי קען אַ מענטש לעבן אָן עסן?

באַקומט ער פון סמירנאָוון די גרויסע חכמידיקע גאונישע תשובה:

אין סאָוויעטסקי סאיוז איז פאַרהאַנען אַ געזעץ, וועלכעס דער גרויסער בעל-רחמנותדיקער פאָטער פינעם "ראבאטשי נאראד", האָט ארויסגעגעבן:

"קטאָ ניע ראַבאָטיעט, ניע קושאיעט", דאָס הייסט, ווער עס ארבעט נישט דער עסט נישט.

נאָך אַזאַ דרייטעגיקער דיעט, איז אונדזער חיימל נישט געגאַנגען, נאָר געלאָפן צוריק צו דער ארבעט.

דער חולה, הייסט עס איז ברוך השם שוין צוריק געזונט געוואָרן, באַלד ווידער געמוטשעט אַזוי שענקען זיינע כוחות, געזונט, און אנדערע אויך זייער לעבן.

פאַר שטראָף וואָס ער איז געווען קראַנק, האָט ער זיין פערד נישט מער צוריק באַקומען, ער האָט געמוטשעט ווידער אונטערהאַקן די האַלבע מעטערדיקע דיקע ביימער, און יעדעס צווייט מעטערדיקע חלק אויף פערטל צו שפּאַלטן, אויפשטעלן די טעגלעכע נאָרמע-קוביטור, און ב א ס ט א.

אַזוי האָט חיים פאַרבראַכט זיין לאַגער-לעבן, פון פרי מאָרגן ביז שפּעט אין דער נאַכט מיט ארבעט, ארבעט און נאָך אַ מאָל ארבעט.

אויסער די קאָמאַרן וועלכע האָבן ביי אים אויסגעזויגן זיין לעצט ביסל בלוט וועלכעס ער האָט מיט געבראַכט פון זיין היים, האָט ער נישט איין מאָל געטרעטי מי זיינע פון שמאָטעס געמאַכטע שיך, אויף אַ שלאַנג אָדער אַן אַנדער עקעלדיק שרץ, וועלכער האָט זיך געוואַלגערט אין זיין "פּאַראַפּיע" אויף שריט און טריט.

איין איינציק מאָל האָט ער געפּרוווט זיין שווער הארץ זיך פאַר דעם רבש"ע אויסצורעדן, דאָס איז געווען יום-כפור צו כל נדרי.

צוריק קומענדיק פונעם וואַלד, האָט חיימל אויף שנעל אָרגאַניזירט צוויי מנינים ליידנס-חברים, מיט זאַק אין פּאַק, זעגן און האַק, זיך אויף שנעל געשטעלט זאָגן כל נדרי.

כמעט דער איינציקער וועלכער האָט זיך אויסגעקענט אין די קליינע אותיות האָבן זיינע חברים חיימלן באַשטימט צו זאָגן כל נדרי פאַרן עמוד.

מיט אַ צעבראָכן האַרץ האָבן די דאַוונערס זיך אויסגעטענהט מיט דעם וואָס זיצט אין הימל, מיט אַ ליידיקן מאָגן, פאַרשוואַרצט פּנים, צעקאַליטשעטע הענט און צעבראָכן געמיט, האָט חיימל מיט הייסע טרערן געזאָגט דעם פּזמון "כי הנה כחמר ביד היוצר" און געבעטן: רבש"ע, לייז אונדז אויס ווי אַ שנעלסטן פון דעם פינצטערן גיהנום, מיר זאָלן שוין אויפהערן צו זיין "כחמר ביד היוצר" אין די הענט פון סמירנאָוו.

דאָס דאַוונען, אָדער אויספירן אַנדערע רעליגיעזע מעשים איז פאַר די מענטשן אינעם לאַגער פונעם ערשטן טאָג אָן, שטרענגסטנס פאַרבאָטן געווען.

אַ גאַנץ יאָר האָט מען זיך געהיטן פון אַזעלכע געוווינהייטן, אָבער יום-כפור צו כל נדרי, האָט דאָס יידישע האַרץ געפאָדערט זיינס.

די מענטשן האָבן נישט געקוקט אויף דעם פאַרבאָט, זיך טראָצדעם פאַרזאַמלט אויסצוגיסן זייערע ביטערע הערצער פאַר דעם יידישן גאָט, וועלכער האָט, ווי די לאַגערניקעס האָבן מיט ביטערן הומאָר, צווישן זיך געוואָרטלט, זייט דעם פאַרשאָלטענעם אויפשטייג פון דעם ברוינעם שטן, פאַרלאָזט זיין אויסדערוויילט פאָלק, מיט וועלכן ער האָט דורך דעם שדכן משה רבנו געגומען חופה וקדושין אויפן באַרג סיני.

ווי באַקאַנט, נישט דורך ליבע, נאָר געצוואַנגען זיין יידישע כלה חתונה צו האָבן, נאָך דעם ווי ער האָט זי געדראָאָט, פאַלס אַז זי וועט נישט מסכים זיין צום שדוך, איז ער: מכפה עליה את ההר כגיגית, ואמר, אם אתם מקבלים את התורה מוטב ואם לא, שם תהא קבורתכם! ד.ה. ער דעקט זיי צו מיט דעם באַרג, און דאָ וועט זיין זייער באַגרעבניש, אויב די כלה וועט נישט מקבל זיין די תורה.

מעשה-שטן, מוז געראָדע אין דעם הייליקן מאָמענט פאַרבייגעען, דורך דעם דאָזיקן באַראַק פון די מאָדערנע אנוסים, אַ פּוילישער קריסטלעכער לאַגערניק.

דער דאָזיקער "אח-לצרה" האָט באַלד צו וויסן געגעבן ווי מען דאַרף דאָס וואָס זיינע טרפהנע אויגן האָבן געזען.

עס האָט נישט לאַנג געדויערט, זענען פּלוצעם דריי מיליציאָנערן מיט סמירנאָוון בראָש, איבערגעפאַלן דאָס חדר ווו מען האָט געדאַוונט, ברוטאַל די מענטשן אַרויסגעוואָרפן, קאָנפיסקירט די תליתים, סדורים און מחזורים.

חיימל האָט זיך שטאַרק דערשראָקן, פחד באַקומען און מורא געהאַט אַז אים וועט סמירנאָוו פאַראַנטוואָרטלעך מאַכן פאַר דער דאָזיקער קאָנטרעוואָלוציע, ער

האט א שפרונג געגעבן דורך דעם פענצטער און פארשוווּנדן אין דעם חושכדיקן וואלד.

צו מאָרגנס האָט מען זיך דערוויסט, אַז דעם באַלעבאָס פונעם חדר האָבן זיי מיט זיך מיטגענומען.

דריי טאָג האָט דער ייד געפעלט אינעם לאגער, מען האָט נישט געוווּסט ווו זיין געביין איז אהינגעקומען.

אויפן פערטן טאָג, איז ער צוריק געקומען מער טויט ווי לעבעדיק, ער האָט געשוויגן ווי א פיש, אפילו פאר זיין אייגענער פאמיליע האָט ער פאר גרויס פחד, נישט דערציילט וואָס מיט אים איז געשען.

ערשט ווען די מענטשן האָבן נאָך א געוויסער צייט דעם לאגער פארלאָזן, האָט מען זיך דערוווּסט אז ער איז געווען דריי טאָג און דריי נעכט צו געבונדן צי א בוים אין טיפן וואלד, אלע פינף שעה איז געקומען צו אים א מיליציאָנער, געגעבן אים צו קייען א שטיקל ברויט און צו פארטרינקען א האלב גלאָז וואסער.

דער פינאל פון דער דאָזיקער "אוואנטורע" איז געווען, נישט יום־כפור ביי נאכט האָבן זיי געדאווענט כל נדרי, נאָר צוויי נעכט נאָך יום כפור.

חיימל מיט זיינע חברים האָבן פשוט פארגעסן דעם חשבון, זיך פארעכנט, געקלאַפּט על חטא אין א געוועלנלעכער מיטוואָכדיקער נאכט.

אינעם לאגער איז אויך געווען "זאקליוטשאנע" א ייד מיטן נאָמען צוקער.

אַ געוועזענער שניידער אין א גאליציש שטעטל, דער איינציקער איבערצייגטער קאָמוניסט זייט פיל יאָרן.

נישט געקוקט אויף זיין קאָמוניסטישער פארגאנגענהייט, זעטאוויס אז דער חבֵר סטאלין האָט צו דעם דאָזיקן "צוקערדיקן קאָמוניסט" נישט געהאט פיל פארטרויען, און אים אריינגעפאקט צוזאמען מיט אלע, אין דעם לעכטיקן קאָמוניסטישן גן עדן.

אויף אזעלכע עקזעמפלארן ווי חבר צוקער, האָבן די חז"ל געזאָגט אז: רשעים אפילו על פתחו של גיהנום אינם חוזרין בתשובה ד.ה. אז רשעים אפילו ווען זיי געפונען זיך שוין ביי דער טיר פונעם גיהנום, טוען נישט קיין תשובה.

אויך דער דאָזיקער חבר צוקער, ער איז געלעגן אויף געהאקטע צרות גלייך מיט אלע טראָצדעם האָט ער אלס איינאיינציקער אינעם לאגער געטאדלט חיימלן פאר דעם אָרגאניזירן פון דעם כל נדרי אָוונט.

חיים האָט געפּרווּט זיך צו פארטיידיקן און אים געפּרוווּט אויפווייזן, אז קיין שום תפילה האָט נישט ביי אונדז יידן אזא צוציונגס כח, אזא געוואלטיקע קראפט, ווי אָט די קורצע תפילה כל נדרי.

דאָס איז עפּעס א זעלטן רעליגיעזע אטראקציע, א פארהייליקטער פאָלקס־ריטואל וואָס ציט כמעט אלע אין שול אריין און ברענגט אהין אפילו יענע, וואָס

ווייסן נישט פון שבת און יום טוב און ווילן נישט וויסן אויך פון אנדערע הייליקייטן, און דאָך הייליק איז ביי זיי, זייער הייליק די תפילה פון כל נדרי.

די ליטורגישע נגינה פון כל נדרי גלעט און באַרויקט זייער נשמה אויף א גאַנץ יאָר ביז צום קומענדיקן כל נדרי.

ווי באַשיידן זיי זענען! ווי שפּאַרזאַם זיי פירן דעם רעליגיעזן צנע, און דאָך כל נדרי איז כל נדרי.

דו, חבר צוקער, מיט דיין גלייכן, האָט חיים מיט האַרץ ווייטער געדעדט, וועלכע איר האַלט אייך פאַר היפער-פּראָגרעסיווע און פון יום המחר, אין וועלכע אויגן איז נישט מער קולטורעל, נישט מער אַקטועל אַזעלכע נאַרישקייטן.

סאיז אין אייערע אויגן אוראַלטער שטייגער, אַלטפרענקיש פּאַרצייטיש.

קולטורעל און אַקטועל איז נאָר די תורה פון מאַרקס—לענין—סטאַלין, און זיי זענען שולדיק און פאַראַנטוואָרטלעך פאַר די יידישע צרות אין אַלגעמיין, און אויך פאַר מיינע און דיינע צרות אָט דאָ אין דעם דאָזיקן לאַגער.

פאַר אונדז פונעם יום-אתמול, איז טייער און ליב יעדער אָנדענקען, יעדער פאַרשטעלונג, יעדער מינדעסטע דעראינערונג און אָפּגלאַנץ פון אונדזערע אַלטע טראַדיציעס.

מיט וואָס פאַר א זעלטענער שפּראַך רעדן זיי צו אונדזער האַרץ און זכרון, מיט וואָס פאַר א הייליק-זיסער שפּראַך רעדט צו אונדז די אין אייער אויגן אָפּגעשטאָרבענע אַראַמעישע כל נדרי שפּראַכע.

נישט נאָר כל נדרי, נאָר יעדער קלייניקייט פון א מאָל, פון אונדזער פאַרגאַנגענהייט פינקלט נאָך אַלץ ביי אונדז אין זכרון:

אליהו הנביאס בעכער פון דער סדר-נאַכט, די וואַקסענע יום כפור-לעכט פון כל נדרי-נאַכט, די זילבערנע עטרה פון דעם זיידענס טלית, די מעשענע לייכטערלעך אויף דעם בית המדרש-טיש, דער טערקישער שאַל פון דער באָבען, אַפילו דאָס פאַרגעלטע בלעטל פון דער מאַמעס קרבן מנחה-סידור רעדט צו אונדז אַנדערש ווי צו דיר, חבר צוקער, דער פון דיין רבין מאַרקס געשריבענער ספר ״דער קאַפּיטאַל״, וועלכער האָט דרך אגב אונדז געבראַנגט צו די צרות וועלכע מיר מוזן אויסשטייען דאָ, אין די דאָזיקע דזשונגלען.

חבר צוקער, דו ווייסט פאַר וואָס עס איז אַזוי?

האָט חיימל ווייטער גערעדט, ווייל יענע פאַרגעלטע בלעטל רעדט צו אונדז היימיש, וואַרעם, יידיש, עס רעדט צו אונדזער נשמה מיט יענעם זיסן לשון וואָס פליסט אַזוי געמיטלעך, אַזוי היימלעך, דערפרייט, דערוואַרעמט און מאַכט יונג און פריש אונדזער האַרץ אונדזער נשמה.

דאָס איז דער כח, זאָגט ווייטער חיימל פון דעם יידישן יין-המשומר אַלטער-ווייַן, אָבער די נייע פלאַש עסיק פון דעם בית-חרושת: כמיעלניצקי—סטאַלין—חרושטשאָוו, פאַרשאַפּט דעם יידישן פאָלק בויכווייטיק און צרות.

דאָס איז די סיבה ליבער חבר צוקער, פאר וואָס מיר געפינען זיך דאָ אין די דאָזיקע פון גאָט פארלאָזענע "טייגעס".

איך בין אפסאָלוט נישט קיין קאָמוניסטן שונא, זאָגט ווייטער הימל, נאָר א ייד דארף נישט זיין אַנדערש ווי א פראנצויז, ענגלענדער, האָלענדער און אַנדערע.

א יעדעס פאָלק איז שטאָלץ אויף זיין אייגענער רעליגיע, קולטור, היסטאָריע, און טראַדיציע, א ייד איז א היטער פון פרעמדע ווייגערטנער, זיין אייגענע תורה, היסטאָריע, טראדיציע און פאָלקסציגעהעריקייט פארנאכלעסיקט ער, אלע "איזמען" זענען פאר אייך, חבר צוקער כשר, נאָר נישט אייער אייגענער נאציאָנאַליזם.

מיר דארפן לערנען פון דעם וואָס עס איז געשען מיט אונדזערע דייטשישע ברידער.

זיי האָבן געמיינט, אז זיי זענען שוין א טייל פונעם דייטשישן פאָלק, איז געקומען דער טומאהדיקער ברוינער אשמדאי היטלער ימ"ש, און האָט זיי דערמאנט אז זיי זענען געוועזן, און וועלן תמיד בלייבן יידן בני אברהם, יצחק ויעקב.

נאָך דר. פינסקער, און זיין בארימטע "אויטאָעמאנסיפאציע", וואָרנט די יידן: עס וועט קומען דער טאָג, און די היסטאָריע וועט נקמה נעמען אין אייער פאראט קעגן אייער פאָלק, די גרעסטע קרבנות אייערע וועלן נישט העלפן, זיי וועלן אייך תמיד דערמאנען אז איר זייט שם'ס קינדער, און אין א שיינעם טאָג וועט איר ארויסגעשליידערט ווערן פון אייער "פאָטערלאנד", דער פעבל וועט אייך באגלייטן מיט דעם באקאנטן "העפ־העפ" אויסרופן, און אייך דערמאנען אז דאָס געזעץ פון בירגערעכט, איז געזיכערט פאר אלע, מחוץ פאר אייך יידן.

הימל האָט אויפגעהערט צו רעדן, ער האָט באמערקט אז פון דעם קאָמוניסט צוקערס אויגן גיסן זיך שטרומען טרערן.

פלוצעם דערמאנט זיך הימל, אז ער מוז שנעל לויפן העלפן זיין סערעלען איינהייצן דעם קעסל אין וועלכן סערעלע האָט געמאכט "קיפיאטאק" פאר די ארבעטער.

פאָר דער דאָזיקער אַרבעט האָט סערעלע באקומען זעקסהונדערט גראם ברויט, א זופ אָדער א בארשט פון שטעכיקן ברענזעל.



אונדזער גרויסער נביא ישעיהו האָט געזאָגט: משיב חכמים אחור ודעתם יסכל, ד.ה. אויף פשוט מאמע לשון מער וועניקער: אז דער רבש"ע וויל שטראָפן דעם חכם, נעמט ער צוערשט ביי אים אָפּ דעם שכל.

אזוי האָט גאָט צוגענומען דעם שכל ביים חבר סטאַלין בשעת זיין אָפּמאַך מיט דעם צווייטן צדיק, דעם פּוילישן גענעראַל שיקאָרסקי.

אַ קליינסטע באַמערקונג פון סטאַלינען ימ״ש, וואָלט גענוג געווען אַז דער פּוילישער גענעראַל, זאָל אויסשליסן די פּוילישע בירגער — יידן פון דעם דאָזיקן אָפּמאַך, ער וואָלט דאכט זיך אפילו אַ הנאה געהאַט, און אים טיפן שלאַכטעצקי פּוילישע האַרץ מסכים געווען אַז זיינע יידן זאָלן אויף אייביק פאַרבלייבן אין די רוסישע טייגעס.

אָבער ווי געזאָגט, גאָט האָט די צוויי גויים צו גענומען דעם שכל, ער האָט זיך דערבאַרעמט איבער זיינע יידעלעך אין די סטעפּעס, זיך צו געקוקט פון זיינע הימלישע הויכקייטן, ווי מען אַרבעט מיט זיינע קינדער בחומר ובלבנים, ווי אין די אַלטע צייטן פון פּרעה מלך מצרים.

דעריבער האָט ער זיי פאַרטעמפּט די מוחות, אָפּגענומען זייער שכל, ביידע האָבן אין דעם מאָמענט פאַרגעסן אויסצושליסן פון דעם אָפּמאַך די יידן, און עס איז געשען פּשוט אַ נס מן השמים און בשעת זייער אויפלייזן פון די לאַגערס פון די ״זאַקליוטשאָנעס״ האָט די נ.ק.וו.ד. נישט געמאַכט קיין אויסנאַם צווישן פּוילישע בירגער קריסטן און יידן, אַלע פּוילישע בירגער זענען מיט איין מאָל דורך אַ דעקרעט, באַפרייט געוואָרן פון די חושכדיקע אַרבעטס-לאַגערס.

טראָצדעם באַפעל, האָט סמירנאָוו געוואָלט דורך טעראָר און אַלע מעגלעכע דראָונגען, די מענטשן באַאיינפלוסן נישט צו פאַרלאָזן דעם לאַגער.

אָבער אומזיסט!

די מענטשן וועלכע זענען במשך פון איין און אַ האַלב יאָר געווען פאַרשקלאַפט, אָפּגעשלאָסן פון דער גאַנצער וועלט, נישט וויסענדיק וואָס עס טוט זיך אויסערהאַלב דעם פינצטערן געדיכטן וואַלד, האָבן בשום אופן נישט געוואָלט מסכים זיין צו פאַרבלייבן אין דעם דאָזיקן מיט קאָמאַרעס, שלאַנגען און אַנדערע חיות באַוווינטן אָרט.

באַלד האָט זיך סמירנאָוו איבערצייגט אַז זיין מי איז פאַרן טייוול האָט ער פאַרזאַמלט די לאַגערניקעס, מיט אַ זיס געקינצעלט שמייכעלע, פאַר זיי פאָרגעלעזן דעם באַפעל, אַז פון היינט און ווייטער, זענען זיי פרייע מענטשן, אַ יעדער האָט אַ רעכט זיך פריי צו באַוועגן און צו באַזעצן זיך אויף דער גאַנצער רוסישער טעריטאָריע, מחוץ מאָסקווע און לענינגראַד.

די שמחה איז געווען אין לשער, באַלד האָט זיך אָנגעהויבן אַ וואַנדערן פון דאָס ניי.

מערסטן לאַגערניקעס, זענען געפאָרן אין די וואַרעמע לענדער, קיין רוסיש מיטלאַזיען, ווי קירגיסטאַן, אוזבעקיסטאַן און אזוי ווייטער.

לאַגיש איז עס געווען, ווייל נאָך צוואַנציק חדשימדיק זיצן אין אַן אָרט ווו דער פראָסט האָט דערגרייכט פערציק—פופציק גראַד אונטער נול, האָבן די

מענטשן פשוט געלעכצט נאָך א שטיקל זון און א ביסל וואַרעמקייט, זיך זייערע פאַרשטאַרטע ביינער אָנצוּוואַרעמען.

חיימל מיט זיין משפחה האָבן זיך אויך ארויסגעלאָזט אין וועג.

ער מיט זייערס א באַקאַנטע פאַמיליע, מיט וועלכער זיי האָבן זיך באַפריינדעט אין לאַגער, און וועלכע איז אויך ווי ער באַפאַלן געווען מיט קליינע קינדערלעך, האָבן אריינקומענדיק אין דער שטאָט אופא אויפן אוראל, באַשלאָסן צו פאַרזוכן זייער מזל אין דער דאָזיקער גרויסער אָבער פרימיטיווער אינדוסטרי-שטאָט.

די שטאָט אופא, איז ווי אַלע רוסישע גרויסע שטעט געטיילט אויף צוויי טיילן, איין טייל רופט מען סטאַריגאַראַד ד.ה. די אַלטע שטאָט פון פאַר הונדערטער יאָרן, פאַרבליבן אינעם זעלבן מיטלאַלטערלעכן צושטאַנד, הייזער פון עקזאָטישן סטיל אין אויסזען, מיט קירכעס פון דער צייט פון איוואַן דעם גרויזאַמען.

דער צווייטער טייל, הייסט נאָוויגאַראַד, ער איז געבוירן נאָך דער רעוואָלוציע מיט האַלב מאָדערנע הייזער.

מיט שווערער מי האָט חיימל געדונגען א צימער וועלכעס האָט זיך געפונען אויף א הויכן באַרג אין דער לינקער זייט שטאָט.

צוצוקומען צו זיין וווינונג, דאָס הייסט ארויפציגיין אויפן באַרג, האָט מען געמוזט קריכן אויף אַלע פיר, ווייל שטיגן אָדער אן אַנדער מיטל מען זאָל קענען גיין ארויף אויף דעם באַרג איז נישט געווען, דאַקעגן אַראָפּצוגיין אין שטאָט, האָט מען זיך איינפאַך אויסגעשטרעקט אויפן שניי און זיך ארונטער געקוילערט.

דאָס איז געווען דאָס זיכערסטע און שנעלסטע באַוועגמיטל, קיין אַנדערע קאָמוניקאַציע איז נישט געווען פאַר חיימלען און פאַר זיין משפחה.

אמת, דער באַשקירישער גוי האָט געהאַט א קליין אייזעלע מיט וועלכן ער האָט זיך באַהאָלפן ארויף און אראָפּ צו שטייגן — צו און פון זיין קיביטקע, אָבער נישט דערלויבט חיימלען זיך צו באַנוצן מיט זיין אייזעלע.

א גאַנצן חודש האָבן זיי זיך אַזוי אראָפּגעקוילערט פון דעם באַרג ווען עמעצער פון זיין פאַמיליע האָט געברויכט עפּעס צו באַזאָרגן אין דער שטאָט, זיי האָבן באַלד חרטה באַקומען אויף זייער פאַרלאָזן דעם לאַגער.

ענדלעך האָבן זיי באַשלאָסן צו פאַרלאָזן אופא, ער האָט אָפּגעקויפט ביי דעם באַן-נאַטשאַלניק פאַר א גרויסע סומע געלט א לײדיקן וואַגן, אריינגעפּאַקטביידע פאַמיליעס מיט זייער נאָך איבערגעבליבן ביסל אָרעמקייט, און היידא אין די וואַרעמע לענדער גלייך מיט אַלע יידן, געוועזענע לאַגערניקעס.

אנקומענדיק אין מיטן דער נאַכט אין דער גרויסער שטאָט טאַשקענט, זענען זיי ביז באַגינען געבליבן ליגן אויף דער גאַס צוזאַמען מיט אַנדערע טויזנטער

מענטשן וועלכע זענען געלאָפן פון די פאַרשידענע אין גאַנץ רוסלאַנד פאַרשפּרייטע לאַגערס.

דאָס ענגשאַפט, שמוץ, גנבות און געשרייען זענען געגאַנגען ביז צום הימל, קיינער — נישט די מאַכט, און אויך נישט אייגענע, האָבן זיך אינטערעסירט מיטן גורל פון די היימלאָזע און פאַרצווייפלטע, פיל זענען קראַנק געוואָרן אויף עפּידעמישע קראַנקהייטן, מענטשן זענען געפאַלן ווי די פליגן.

אַז דער סקאַנדאַל איז געוואָרן זייער גרויס, האָבן זיך ווידער באַוויזן די אַלטע ליבע באַקאַנטע נ.ק.וו.ד. לייט, זיך דערבאַרעמט איבער די מענטשן, ווידער אַריינגעפּאַקט אין וואַגאָנעס, זיי פאַרשיקט אין די קאָלכאָזן פון גאַנץ מיטלאַזיען.

חיימלן מיט זיין משפחה האָבן זיי אַראָפּגעזעצט אין אַן אוזבעקישן קאָלכאָז מיטן נאָמען "סטרעלקאָוו", אַריינגעזעצט האָט מען זיי אין אַ "קיביטקע" וואָס האָט געדינט פריער די וווינונג פון צוויי אייזעלעך.

אַ לאָך אין אַ זייט, האָט געדינט אַלס פענצטער, אַלס טיר האָט געדינט אַ טישדעקע וועלכע זיין ווייב האָט אויפגעהאַנגען. די פּאָדלאָגע פון זאַמד, געמישט מיט פאַרטריקנט אָפּפאַל פון די פריערדיקע פיר פיסיקע איינוווינער.

געאַרבעט האָט מען אין די קאָלכאָזנע פעלדער פאַר אַ "לעפּיושקע" און אַ ביסל מעל.

די לעבנסבאַדינגונגען זענען אין קאָלכאָז פיל ערגער געווען ווי אין לאַגער.

דער אונטערשיד איז געווען דער, אין לאַגער האָט מען געהונגערט, געקרענקט און געשטאָרבן אויף קאַמענדע, אין קאָלכאָז דאַקעגן, איז ערלויבט געווען צו באַנוצן מיט די אויסגערעכנטע מיטל "סקאַלקאַ אוגאַדנאַ", אָבער אַן אויפזיכט פון די נ.ק.וו.ד.

אויף צו פאַרלאָזן דעם קאָלכאָז, האָט מען געברויכט נאָר אַ פּאָר הונדערט רובל צו קענען דינגען אַן "אַרבע", דאָס איז אַ הויכער וואָגן אויף צוויי נאָך העכערע רעדער, געשפּאַנט מיט אַ קעמל.

דער אוזבעק האָט דיר פאַר טייער געלט אַ טובה געטון, דיך איבערגעפירט אין מיטן דער נאַכט אין אַ נישט ווייט ליגענדיק שטעטעלע.

נאָך צוויי חדשימדיק זיך אָפּמוטשען אין דעם קאָלכאָז, האָט זיך חיימל מיישב געווען, מען מוז וואָס שנעלער זאָגט ער, זיך אָפּטראָגן פון דאַנען אויב זיי ווילן בלייבן ביים לעבן.

דער מענטש טראַכט און גאָט לאַכט זאָגט אַ יידיש פאָלקסווערטל, שטייענדיק אויף דעם קאָלכאָזנע פעלד מיט זיין סערעלען ביי דער אַרבעט, טראַכטענדיק אַז מאָרגן פאַרלאָזן זיי דאָס אָרט, באַמערקן זיי ווי עס דערנענטערן זיך צוויי

מיליציאָנערן מיט דעם פּרעדסידאַטל בראַש, נישט פיל רעדנדיק, א באַפעל: אַלעם מיט זיך צונעמען — און דאַוואַי.



פאַר חיימלס קיבּיטקע איז געשטאַנען א גרויסע "אַרבע", מען האָט אַלעם אויף "ביסטרע" אויפגעלאָדן — אַרויף אויפן וואָגן, אַוועק צו א קליינעם באַן־פּריסטאַן, אַריין אין אַן עשאַלאָן, וועלכער איז געקומען פון ערגעץ אָנגעלאָדן מיט אונדזערע מענטשן.

דער עשאַלאָן האָט זיך א ריר געגעבן, היידאַ אין דער ריכטונג צו דער איראַנער גרענעץ וועלכע איז לויט די רוסישע פאַרהעלטנישן נישט געווען זייער ווייט, אים גאַנצען עפּעס א צוועלף הונדערט קילאָמעטער.

אָפּגעפאָרן איז מען א טאָג מיט אַ נאַכט.

פּלוצעם איז דער עשאַלאָן אין מיטן פעלד שטיין געבליבן.

פאַר די מענטשן האָט מען נישט דערציילט וואָס די נסיעה באַדייט, פאַר וואָס און פאַר ווען — ווו א הין מען פירט זיי האָט קיין מענטש נישט געוווּסט.

צווישן זיך האָבן די מענטשן געשמועסט אַז מען פירט זיי קיין טעהעראַן, און פון דאָרט קיין ארץ־ישראל.

ווי עס האָט זיך שפּעטער אַרויסגעוויזן, איז פון דעם דאָזיקן חלום גאָרנישט געוואָרן.

אָפּשטייענדיק אויף דעם פעלד עפּעס א דריי טאָג און דריי נעכט, האָט מען פּלוצעם די מאַשין מיט אַ מאָל אָפּגעבונדן, זי צוגעשפּאַנט צו דער פאַרקערטער ריכטונג, די מענטשן האָט מען שנעל אַריינגעטריבן אין די וואַגאָנעס, א פּייף פון דעם לאָקאָמאָטיוו, און השיבנו נאַזאַד, צו דער זעלבער ריכטונג אויף צוריק פון וואַנען מען איז געקומען.

אָפּפאָרנדיק אויף צוריק עפּעס ווייניקער ווי א טאָג, הייבט זיך אָן די זעלבע פּראָצעדור פון אַראָפּלאָזן גרופּעס מענטשן אין די קאָלכאָזן.

נישט אין די קאָלכאָזן פון וועלכע מען איז געקומען, נאָר אין גאָנץ נייע.

קיין נפקא מינא נישט, האָט דער אָפּיציר פונעם טראַנספּאָרט דערקלערט פאַר די מענטשן אויף זייער פראַגע, פאַר וואָס מען באַזעצט זיי אין נייע ערטער?

"עטא וסיע נאשי" האָט ער געגעבן צו פארשטיין.

אין אמתן, וואָס פאר אן אונטערשיד איז געווען פאר חיימלן דאָס פייניקן זיך אין פריערדיקן קאָלכאָז מיט דעם נאָמען „סטרעלקאוו", וועלכער האָט זיך געפונען אין דעם לאנד אוזבעקיסטאן, אָדער אין זיין יעצטיקן קאָלכאָז מיט דעם נאָמען "באָלשעוויק" וועלכער געפינט זיך אין דעם לאנד "קירגיזסטאן", דאָס זענען די זעלבע פארשמוצטע און צעריסענע איך בעט אייך איבער, סטאנען — דאָס הייסט אויף פשוט מאמע-לשון, די זעלבע יענטע נאָר אנדערש געשלייערט.

דאָס לעבן אין קאָלכאָז איז געווען שווער, טראגיש און מאָנאָטאָן.

די הויפטבאשעפטיקונג איז געווען דאָס פליקן און אראָפּנעמען דעם "כלאפאק" פון די פעלדער, דאָס איז "וואטע", מיט וועלכע די דאָרטיקע ערד איז פארזייעט.

דער לוין פאר צוועלפשעהדיקע מיפּאָלע ארבעט, איז געווען א "לעפּיאשקע", דאָס איז א מין אראבישע פּיטע, מיט פיר הונדערט גראם מעל פאר א פערזאָן.

די צרה וואָלט נישט געווען אזוי גרויס ווען מען וואָלט ערלעך און פּינקטלעך געווען אויסגעצאָלט דעם דאָזיקן הונגערלוין, אָבער אין דער אמתן זענען פארגאנגען טעג און נעכט ביז מען האָט דערלעבט צו זען א לעפּיאָשקע אָדער א ביסל מעל.

דער הונגער איז דאדורך געווען גרויס, מענטשן זענען געוואָרן אכזוריות׳דיק ווי די חיות אין וואַלד.

איינער האָט ביים צווייטן געגנבעט א ברעקל ברויט, א ביסל מעל, זאלץ און א ביסל מאכאָרקע אָדער א שטיקל צייטונגספּאפּיער צום וויקלען די מאכאָרקע.

חיים, זיין פרוי און צוועלפיעריק יונגעלע, האָבן געארבעט פון פרי מאָרגן ביז אוונט, זייער חשבון איז געווען א פשוטער.

פאר דריי ארבעטער, דריי לעפּיאשקעס מיט א קילאָ צוויי הונדערט גראם מעל א טאָג, וועלן אלע פינף זיך ווי עס איז קענען דערהאלטן זייערע נשמות, אָבער ווי איז דער דין אז מען האָט נישט געגעבן?

זענען זיי טאקי מהא טעמי שיער נישט געשטאָרבן פאר הונגער, ווען חיימל שטעלט נישט איין זיינע פּאָר יאָר וואָלט זיך פאר זיי אלעם געווען געענדיקט.

צוויי-דריי מאָל אין דער וואָך, האָט ער זיך מיטן אין דער נאכט אריינגעכאַפּט אין די קאָלכאָז-פעלדער, אהיים געברענגט א ביסל ציבל, אוגערקעס אָדער א אנדער ביסל גרינס.

אויסער זיין טעגלעכע ארבעט, האָט ער געהאט נאָך א צולאג ארבעט.

יעדן אוונט אפצוזיצן שעהען ביים פרעדסידאטל אויפן קארק, ער זאל אים ארויסגעבן דעם לוין פאר זייער טאגארבעט, מייסטנס אן דערפאלג.

זיצנדיק אין א געוויסן אוונט ביים קירגיז, ווארטנדיק אויף א ביסל מעל, דערשיינען ביי אים אין קאנטאר פלוצעם צוויי פרעמדע מענער מיט א פרוי.

זיי שטעלן זיך פאר, אז זיי קומען פון דעם טאשקענטער "נארקאם" (נאראדני קאמיסאריאט), מיט א באפעל, אז אין משך פון פיר וואכן מוז אין אונדזער קאלכאז אויפגעבויט ווערן א באד (באניע בלע'ז).

הערנדיק דעם פריקאז, איז דעם קירגיז, דעם פארזיצער פון קאלכאז, געווארן קאלט און ווארם.

פון גרויס שרעק, ווענדעט ער זיך צו חיימלען מיט פאלגנדער פראגע: טאווואריש חיים, אפשר קענט איר צווישן אייערע פוילישע מענטשן א בוי־אינזשינער, וועלכער זאל זיך אונטערנעמען די דאזיקע באניע אויפצובויען?

די וועלט זאגט א ווערטל: אז די נויט, מאכט א מאל פון א שוסטער א רב, און פון א רב א באלעגאלע.

דאס זעלבע האט אין דעם מאמענט פאסירט מיט חיימלען.

נישט פיל טראכטענדיק, ענטפערט ער דעם קירגיז, אז ער קען טאקי אזא מענטשן צווישן זיינע לייט, וועלכער איז א בוי־אינזשינער, א מומחה, וועלכער האט אין פוילן די גרעסטע הייזער און פאבריקן אויפגעבויעט.

אין דער דאזיקער גרויסער מומחה, געפינט זיך דא אין אונדזער קאלכאז.

דערהערנדיק אזא בשורה טובה, האט ער צוריק באקומען זיין נארמאלע פארב, עס איז אים לייכטער געווארן אויף זיין הארץ.

חיים פרעגט נאר אויב זיי האבן מיט זיך וועלכן עס איז בויפלאן מיטגעבראכט?

אויף זיין ווונטש באקומט ער דעם נויטיקן פלאן, נאך אייניקע מינוט, זאגט ער צו זיי: טאווארישטשי! איך אליין חיימל, בין דאס דער גרויסער מומחה שבמומחה, וועלכער האט כמעט האלב פוילן אויפגעבויט, און איך נעם זיך אונטער די דאזיקע באניע אויפצובויען אין משך פון פיר וואכן בתנאי, אז די פיר וואכן זאלן זיך אנהייבן נאך דעם, ווי דער פרעדסידאטל וועט מיר האבן געליפערט דעם גאנצן נעטיקן מאטעריאל.

הערענדיק אזעלכע דיבורים, האט דער פרעדסידאטל פון גרויס באגייסטערונג און צופרידענהייט, חיימלען אזא גלעט געגעבן איבער זיינע פלייצעס, אז נאך היינט פילט ער בוודאי דעם טעם...

ער האָט נאָך צוגעשמאָלצן מיט א פעטער רוסישער ברכה, און באלד מסכים געווען, אים חיימלען איבערצוגעבן די ארבעט.

דער ארבעטסלוין איז באשטימט געוואָרן אויף זיבעציק קילאָגראַם ווייץ. געזאָגט און געטון.



איך וויל ביי דער געלעגנהייט אויך נישט פארגעסן אונדזערע ברידער וועלכע לעבן אין די דאָזיקע מקומות.

מיין ווונטש איז, צו געבן א קליינע איבערזיכט פונעם לעבענס-שטייגער פון די דאָזיקע נדחי-ישראל.

איך וויל נישט דאָ מיט מיין שילדערן פון דעם לעבן פון די דאָזיקע אוזבעקישע-יידן עפּעס צו געבן, ווייל דאכט זיך, פיל פאר מיר האָבן שוין דאָס געטון.

דאָס שטערט אָבער נישט אויך מיר, אז איך זאָל פאר מיינע לעזער אויפצייכענען און מאכן אָפּשפיגלען, דאָס אייגענארטיקע פון דער דאָזיקער עדה.

איך האָב ווי דערמאנט, געלעבט מיט די דאָזיקע יידן אין דער צייט פון דער צווייטער וועלט-מלחמה.

איך האָב זיך גענוי באקאנט מיט זייער שטייגער, מנהגים און אייגענארטי־קייט, וועלכעס איז א פועל-יוצא פון זייערע נשמה-באהעלטענישן.

דער סאָוויעטישער-סיסטעם, האָט די דאָזיקע יידן שווער געטראָפן, זיי אראָפּגענידערט פון זייערן הויכן לעבענס-ניוואָ מיט וועלכן זיי זענען געוווינט געווען נאָך פון די צייטן פון טעמערליין.

די רעוואָלוציע, האָט זייער, ווי אלע אנדערע יידן אין רוסלאנד, עקאָנאָמישן מצב, צעבראָכן אויף אייביק.

אַ גאנצע עדה יידן, זיצן אויף די "טאלטשאקן", גאסן, אונטערגעסעלעך אויף קליינע בענקאלעך מיט שיך-בערשטעלעך אין דער האנט, און ווארטן אויף פארבייגייער זיי די שיך צי פיצן, בכדי צי קענען ערהאלטן זייער אָרים לעבן מיט א "פיטי און אַ טשיי".

דאָס גאנצע פיזישע און גייסטישע דענקען, איז איינגעשטעלט ווי אזוי צו באַקומען, דורך אלע וועגן, מעג זיין אפילו אויף א נישט לעגאלן, נאָך איין פיטי און נאָך א טשייניק טשיי.

דאָס איז די קווינטעסענץ, פון דעם לעבן פון א עדה, מיט א פאטריאכאלער פארגאנגענהייט און שטאָלצן יחוס.

די סביבה, עטנאָגראַפיע, קולטור-היסטאָרישע איינצעלהייטן און בעיקר דער רעזשים, שאפן די באדינגונגען, אז דער מח פון א גאַנצער עדה באשעפטיקט זיך

נאָר מיט איין זאַך, וויאזוי אונציפילן דעם ליידיקן מאָגן (קורסאק), אויף זייער לשון, און דורך דעם ווערן זייערע געדאנקען, שטרעבונגען און פארלאנגען אָפּגעטעמפּט ביז א מינימום.

אין ווען אזא אוזבעקישער־ייד עררייכט נאָך איין פיטי מיט א טשייניק קיפּיאטאק, זענען זיינע פארלאנגען אין דער רגע דערפילט געוואָרן.

אין אזוי באשטעטיקט זיך נאָך א מאָל דער אמת פון דעם פאָלקסוואָרט: "אז דער ווארים קומט אריין אין חריין, מיינט ער אז קיין בעסערס איז נישטאָ".



קומענדיק אינעם טאָג פון דער יאָרצייט פונעם אויסברוך פון דער באָלשעוויסטישער רעוואָלוציע אויף מיין נייעם אָרט, האָבן מיך באגעגנט אַ גרופּע יונגע מענטשן פוןביידע געשלעכטער, מיט ווילדע געשרייען "זדראסטוויטי טאָוואריש" זיצנדיק אונטער געדיכטע צווייגען פון נוסביימער, אין זייערע הענט טעפּלעך מיט קיפּיאטאָק.

אינם שוטען אובגעריקט זענען געזעסן די עלטערע חברים, נעבען זיי א מוזיק קאַפּעלע מיט פארשידענע מינים מוזיק כלים וועלכע מען קען נאָר געפונען אין די אָרטיגע מקומות, און פון וועלכע אונזערס א מענטש וואָלט נישט אפילו אין חלום געגלויבט אז דאָס זענען מוזיק כלים, און דאָך האָבן די קירגיזן געשפּילט אויף די דאָזיקע אינסטרומענטן זייערע קלאָגענדיקע און מאָנאָטאָנישע מעלאָדיעס.

מיר איז לייכטער געוואָרן א ביסל אויף מיין נשמה הערענדיק די דאָזיקע טרויעריקע מוזיק, אָבער פיל שווערער צו ערנעהרן מיין ווייב און קינדער.

דער הונגער האָט אויף דעם דאָזיקן אָרט דערגרייכט זיין העכסט פונקט, אונדזערע מענטשן זענען פון הונגער געפאַלן ווי די פליגן.

און ווען דאָס מעסער איז שוין באמת געלעגן אויף דעם האלס, איז פּלעצליך געקומען די גאולה, מיר האָבן איינגעפּאקט דאָס ביסל אָרעמקייט און מיט א עשאלאָן צוריק געשיקט געוואָרן אין אונדזער אלטער היים.

קומענדיק צוריק אין דעם נאָך מלחמהדיקן פּוילן, איז אונדז אויפסניי פינסטער געוואָרן אין די אויגן, קיין שוועסטער, קיין ברידער, קיין קרוב אלע זענען פארשווינדן צוזאמען מיט די יידישע הייזער, האָב און גוט און אנדערע פארמעגנס.

די ערד האָט געברענט ממש אונטער די פיס, ווייניג וואָס דער ברוינער שד

מיט זיינע פוילישע שותפים האָבן אָפּגעטון אין דער צייט פון דער מלחמה מיט דעם יידישן פֿאָלק, האָבן די פוילישע אַנטיסעמיטן נאָך ווייטער געמאָרדעט יידן אויף דער פון יידיש בלוט צעווייקטע פוילישע ערד.

אין אזא לאגע, פארלאָזט חיימטשי מיט זיין פרוי און קידנער זיין "פאטערלאנד" פוילן מיט דער דעה צי פארווירקליכן זיין אלטן חלום, דאָס הייסט — זיך אונצישליסען אין ארץ ישראל מיט זיינע צוויי עלטערע קינדער.

געזעסן איז חיימטשי מיט זיין פאמיליע אין אַ אַמעריקאנישן לאַגער אין דער עסטרייכישע שטאָט זאלצבורג א ערך פון א יאָר מיט א פערטל, ביז זייער עלטסטער זון פון ארץ-ישראל וועלכער האָט אינצווישן אלס שליח פון דעם ארץ ישראלדיקן יידנטום אריבער געפירט די שארית הפליטה פון אייראָפּע אויף א אונלעגאלן וועג קיין ארץ ישראל.

מיט אזא טראנספּאָרט האָט ער אויך זיינע עלטערן און דריי יינגערע ברידערלאך אין א שענעם טאָג אריבערגעפירט קיין ארץ ישראל.



אין יאָר 1947, אין די טעג פון חודש סעפּטעמבער, האָט א שיף אין פולן קוראזש מארשירט אין א ריכטונג פון א ברעג, וועלכן מען האָט נאָך נישט געזען, נאָר מען האָט שוין געהערט און גערעדט פון אים, ווי פון אַ געזעענעם שטיק לאַנד.

אין אונזער קאיוטע זענען מיר געזעסן אויסגעפלאסטערט מיט אונזערע ראנצען, ווי מיט גרויסע ציגל פון א צעפאלענעם בנין, מיט וועלכע מען וויל צוריק מיט זיי אויפבויען דאָס אלטע צעשטערטע הויז.

אין א טאָג פון א חמסין איז די שיף מיט וועלכע חיימטשע מיט זיין פאמיליע זענען געפאָרן אָנגעקומען קיין חיפה.

מיט דעם ערשטן 'ברוך הבא' זענען זיי אויפגענומען געוואָרן א שעה נאָך זייער אונקומען.

אַ גרופּע פון יידישע קעמפער האָבן אריינגעוואָרפן אין דער ענגלישע פּאָליציי אַ באָמבע, געראָדע א קעגן דעם האָטעל אין וועלכן חיימטשע מיט זיין פאמיליע האָבן זיך אויפגעהאלטן.

ארויסלויפענדיק פאר גרוים שרעק אויף די ווערענדע פון דעם האָטעל, האָט חיימטשע געזען טיילען פון מענטשליכע קערפּערס געמישט מיט שטיקער האָלץ,

אייזענס און פאפירן ארום שוועבן און א געדעכטן שווארצן רויך וועלכער האָט באדעקט די גאנצע געגענד.

ביסלעכווייז פארגעהט די שרעק און חיימטשע פעקעלט זיך אריבער מיט דעם ערשטן אוטאָבוס וועלכער פארט קיין תל־אביב.

קומענדיק אין תל־אביב, האָט באלד אויסגעבראָכן דער קריג מיט די אראבער, און דער פחד פאר א קויל אין קאָפּ הייבט זיך אן פון דאָס ניי.

און אזוי ווי דאס מעסטל פון צרות זעט אויס איז נאָך נישט געווען פול, האָבן אלע חיימטשיס קינדער אָן אויסנאמע זיך געמוזט מאָביליזירן אין דער ישראל ארמע, און אזוי זענען פארגאַנגען די אלע חדשים און די גאנצע צייט פון דעם נייעם קריג מיט הארץ שרעק פאר דעם גורל פון זיינע קינדער וועלכע יעדער בעזונדער האָט זיך געפונען אויף א אנדערן אופשניט פונעם פראָנט געגן די אראבער.

אָבער גאָט האָט זיי געהיטען פון א אראבישער קויל, און די קינדער פון חיימטשע זענען אלע געזונד און פריש צוריק געקומען פון דער מלחמה וועלכע האָט אויפגעפרעסן און פארגאסן דאָס ייִנגע כשרע בלוט פון פילע טויזענדער טייערע בחורים און בחורות.

דאָס איז געווען די פערטע מלחמה וועלכע דער געוועזענער ישיבה בחור חיים, האָט מיטגעמאכט און איבערגעלעבט, אונהויבנדיק פון דאָס ניי זיך אויפצובויען שוין אין מדינת ישראל זיין לעבען, און זיך א ביסל אויסרוהען זיינע ביינער פון דעם ארומשלעפּן זיך צענדליקער יאָרן פון לאנד צו לאנד און פון שטאָט צו שטאָט.

דאָס איז א קורצע באשרייבונג, ווי עס האָט אויסגעזען א יידיש לעבן און ליידן אין דער צייט פון דער ערשטער וועלט מלחמה, זייט עס האָט אונגעהויבן צו הערשען אויף דער וועלט די פארשאָלטענע קליקי "היסטא־חרומיקא" מיט די צוויי הויפּט פארברעכער היטלער און סטאלין ימ"ש וזיכרם.

די טומאידיקע תקופה ציט זיך שוין איבער צוויי דורות, און ווער ווייסט ווען די יידישע צרות וועלן שוין א ענדע נעמען?

הלוואי שוין היינט.

**חיים נחמן ביאליק**

# בעיר ההרגה

קום לך לך אל־עיר ההרגה ובאת אל־החצרות,
ובעיניך תראה ובידך תמשש על־הגדרות
ועל העצים ועל האבנים ועל־גבי טיח הכתלים
את־הדם הקרוש ואת־המח הנקשה של־החללים.
ובאת משם אל־החרבות ופסחת על־הפרצים
ועברת על־הכתלים הנקובים ועל התנורים הנתצים,
במקום העמיק קרקר המפץ, הרחיב הגדיל החורים,
מחשוף האבן השחורה וערות הלבנה השרופה,
והם נראים כפיות פתוחים של־פצעים אנושים ושחורים
אשר אין להם תקנה עוד ולא־תהי להם תרופה,
וטבעו רגליך בנוצות והתנגפו על תלי־תלים
של־שברי שברים ורסיסי רסיסים ותבוסת ספרים וגוילים,
כליון עמל לא־אנוש ופרי משנה עבודת פרך;
ולא־תעמוד על־ההרס ועברת משם הדרך —
ולבלבו השיטים לנגדך וזלפו באפך בשמים,
וציציהן חצים נוצות וריחן כריח דמים;
ועל־אפך ועל־חמתך תביא קטרתן הזרה
את־עדנת האביב בלבבך — ולא־תהי לך לזרא;
וברבבות חיצי זהב יפלח השמש כבדך
ושבע קרנים מכל־רסיס זכוכית תשמחנה לאידך.
כי־קרא אדני לאביב ולטבח גם־יחד:
השמש זרחה, השטה פרחה והשוחט שחט.
וברחת ובאת אל־חצר, והחצר גל בו —
על הגל הזה נערפו שנים: יהודי וכלבו.
קרדום אחד ערפם ואל־אשפה אחת הוטלו
ובערב דם שניהם יחטטו חזירים ויתגוללו;
מחר ירד גשם וסחפו אל־אחד נחלי הבתות —
ולא־יצעק עוד הדם מן־השפכים והאשפתות,
כי בתהום רבה יאבד או־ישק נעצוץ לרויה —
והכל יהיה כאין, והכל ישוב כלא־היה.
ואל־עליות הגגות תטפס ונצבת שם בעלטה —
עוד אימת מר המות במאפל הדומם שטה;

ומכל־החורים העמומים ומתוך צללי הזויות
עינים, ראה, עינים דומם אליך צופיות.
רוחות ה„קדושים" הן, נשמות עוטיות ושוממות,
אל־זוית אחת תחת כפת הגג הצטמצמו — ודוממות.
כאן מצאן הקרדום ואל־המקום הזה תבאנה
לחתם פה במבטי עיניהן בפעם האחרונה
את כל־צער מותן התפל ואת כל־תאלת חייהן,
והתרפקו פה זעות וחרדות, ויחדיו ממחבואיהן
דומם תובעות עלבונן ועיניהן שואלות: למה? —
ומי־עוד כאלהים בארץ אשר־ישא זאת הדממה?
ונשאת עיניך הגגה — והנה גם רעפיו מחרישים,
מאפילים עליך ושותקים, ושאלת את־פי העכבישים;
עדים חיים הם, עדי ראיה, והגידו לך כל־המוצאות:
מעשה בבטן רוטשה שמילאוה נוצות,
מעשה בנחירים ומסמרות, בגלגלות ופטישים,
מעשה בבני אדם שחוטים שנתלו במרישים,
ומעשה בתינוק שנמצא בצד אמו המדוקרה
כשהוא ישן ובפיו פטמת שדה הקרה;
ומעשה בילד שנקרע ויצאה נשמתו ב„אמי!" —
והנה גם ע י נ י ו פה, שואלות חשבון מעמי.
ועוד כאלה וכאלה תספר לך השממית
מעשים נוקבים את־המח ויש בהם כדי להמית
את־רוחך ואת־נשמתך מיתה גמורה עולמית —
והתאפקת, וחנקת בתוך גרונך את־השאגה
וקברתה במעמקי לבבך לפני התפרצה,
וקפצת משם ויצאת — והנה הארץ כמנהגה,
והשמש כתמול שלשום תשחת זהרה ארצה.

וירדת משם ובאת אל־תוך המרתפים האפלים,
מקום נטמאו בנות עמך הכשרות בין הכלים,
אשה אשה אחת תחת שבעה שבעה ערלים,
הבת לעיני אמה והאם לעיני בתה,
לפני שחיטה ובשעת שחיטה ולאחר שחיטה;
ובידך תמשש את־הכסת המטנפת ואת־הכר המאדם,
מרבץ חזירי יער ומרבעת סוסי אדם
עם־קרדום מטפטף דם רותח בידם.
וראה גם־ראה: באפלת אותה זוית,
תחת מדוכת מצה זו ומאחורי אותה חבית,

שכבו בעלים, חתנים, אחים, הציצו מן־החורים
בפרפר גויות קדושות תחת בשר חמורים,
נחנקות בטומאתן ומעלעות דם צוארן,
וכחלק איש פת־בגו חלק מתעב גוי בשרן —
שכבו בבשתם ויראו — ולא נעו ולא זעו,
ואת־עיניהם לא־נקרו ומדעתם לא־יצאו —
ואולי גם־איש לנפשו אז התפלל בלבבו:
רבונו של־עולם, עשה נס — ואלי הרעה לא־תבא.
ואלה אשר חיו מטמאתן והקיצו מדמן —
והנה שקצו כל־חייהן ונטמא אור עולמן
שקוצי עולם, טמאת גוף ונפש, מבחוץ ומבפנים —
והגיחו בעליהן מחורם ורצו בית־אלהים
וברכו על־הנסים שם אל ישעם ומשגבם;
והכהנים שבהם יצאו וישאלו את־רבם:
„רבי! אשתי מה היא? מותרת או אסורה?" —
והכל ישוב למנהגו, והכל יחזור לשורה.

ועתה לך והבאתיך אל־כל המחבואים:
בתי מחראות, מכלאות חזירים ושאר מקומות צואים.
וראית בעיניך איפה היו מתחבאים
אחיך בני עמך ובני בניהם של־המכבים,
ניני האריות שב„אב הרחמים" וזרע ה„קדושים".
עשרים נפש בחור אחד ושלשים שלשים,
ויגדלו כבודי בעולם ויקדשו שמי ברבים...
מנוסת עכברים נסו ומחבא פשפשים החבאו,
וימותו מות כלבים שם באשר נמצאו,
ומחר לבקר — ויצא הבן הפליט
ומצא שם פגר אביו מגואל ונמאס———
ולמה תבך, בן־אדם, ולמה תליט
את־פניך בכפך? — חרק שנים והמס!

וירדת במורד העיר ומצאת גנת ירק,
ואורה גדולה עם־הגנה, היא אורת ההרג.
וכמחנה תנשמות ענק ואימי עטלפים
הסרוחים על־חלליהם שכורי דם ועיפים.
שם על־קרקע האורה שטחו להם שטוח
אופנים מפושקי יתדות כאצבעות שלוחות לרצח,

ופיפיותם מגאלים עוד בדם אדם ומח.
והיה בערוב היום, בנטות שמש מערבה,
מעטף בענני דם ונאפד אש להבה,
ופתחת את־השער בלט ובאת אל־האורה
ואימה חשכה תבלעך, ותהום זועה נעלמה:
מגור, מגור מסביב... משוטט הוא באורה,
שורה הוא על הכתלים וכבוש בתוך הדממה.
ומתחת תלי האופנים, מבין החורים והסדקים,
עור תרגיש כעין פרפור של־אברים מרוסקים,
מזיזים את־האופנים התלולים על־גביהם,
מתעותים בגסיסתם ומתבוססים בדמיהם;
ואנקת חשאים אחרונה — קול ענות חלושה
ממעל לראשך עדין תלויה כמו קרושה,
וכעין צער נעכר, צער עולם, תוסס שם וחרד.
אין זאת כי אם־רוח דכא רב־ענות וגדל־יסורים
חבש כאן את־עצמו בתוך בית האסורים,
נתקע פה בדוי עולם ולא־יאבה עוד הפרד,
ושכינה שחורה אחת, עיפת צער ויגעת כח,
מתלבטת פה בכל־זוית ולא תמצא לה מנוח,
רוצה לבכות — ואינה יכולה, חפצה לנהום — ושותקת,
ודומם תמק באבלה ובחשאי היא נחנקת,
פורשת כנפיה על צללי הקדושים וראשה תחת כנפה,
מאפילה על־דמעותיה ובוכיה בלי שפה ———

ואתה גם־אתה, בן־אדם, סגור בעדך השער,
ונסגרת פה באפלה ובקרקע תכבש עיניך
ונצבת כה עד־בוש והתיחדת עם־הצער
ומלאת בו את־לבבך לכל ימי חייך,
וביום תרשש נפשך ובאבד כל־חילה —
והיה הוא לך לפליטה ולמעין תרעלה,
ורבץ בך כמארה ויבעתך כרוח רעה,
ולפתך והעיק עליך כהעק חלום זועה;
ובחיקך תשאנו אל־ארבע רוחות השמים,
ובקשת ולא־תמצא לו ניב שפתים.

ואל־מחוץ לעיר תצא ובאת אל בית־העולם,
ואל־יראך איש בלכתך ויחידי תבוא שמה,

ופקדת קברות הקדושים למקטנם ועד־גדולם,
ונצבת על עפרם התחוח והשלטתי עליך דממה:
ולבבך ימק בך מעצר כאב וכלמה —
ועצרתי את־עיניך ולא־תהיה דמעה,
וידעת כי עת לגעות היא כשור עקוד על־המערכה —
והקשחתי את־לבבך ולא־תבוא אנחה.
הנה עגלי הטבחה, הנה הם שוכבים כלם —
ואם יש שלומים למותם — אמור, במה ישולם?
סלחו לי, עלובי עולם, אלהיכם עני כמותכם,
עני הוא בחייכם וקל־וחומר במותכם,
כי תבואו מחר על־שכרכם ודפקתם על־דלתי —
אפתחה לכם, בואו וראו: ירדתי מנכסי!
וצר לי עליכם, בני, ולבי לבי עליכם:
חלליכם — חללי חנם, וגם־אני וגם־אתם
לא־ידענו למה מתם ועל־מי ועל־מה מתם,
ואין טעם למותכם כמו אין טעם לחייכם.
ושכינה מה אומרת? — היא תכבש בענן ראשה
ומעצר כאב וכלמה פורשת ובושה...
וגם־אני בלילה בלילה ארד על־הקברים,
אעמד אביט אל־החללים ואבוש במסתרים —
ואולם, חי אני, נאום יי, אם־אוריד דמעה.
וגדול הכאב מאד וגדולה מאד הכלמה —
ומה־משניהם גדול? — אמור אתה, בן־אדם!
או טוב מזה — שתק! ודומם היה עדי,
כי־מצאתני בקלוני ותראני ביום אידי;
וכשובך אל־בני עמך — אל־תשוב אליהם ריקם,
כי מוסר כלמתי תשא והורדתו על־קדקדם,
ומכאבי תקח עמך והשבותו אל־חיקם.
ופנית ללכת מעם קברות המתים, ועכבה
רגע אחד את־עיניך רפידת הדשא מסביב,
והדשא רך ורטב, כאשר יהיה בתחלת האביב:
נצני המות וחציר קברים אתה רואה בעיניך;
ותלשת מהם מלוא הכף והשלכתם לאחוריך,
לאמר: חציר תלוש העם — ואם־יש לתלוש תקוה?
ועצמת את־עיניך מראותם, ולקחתיך ואשיבך
מבית־הקברות אל אחיך אשר חיו מן־הטבחה,
ובאת עמם ביום צומם אל בתי תפלתם
ושמעת זעקת שברם ונסחפת בדמעתם;
והבית ימלא יללה, בכי ונאקת פרא,

וסמרה שערת בשרך ופחד יקראך ורעדה —
ככה תאנק אומה אשר אבדה אבדה...
ואל־לבבם תביט — והנו מדבר וציה,
וכי־תצמח בו חמת נקם — לא־תחיה זרע,
ואף קללה נמרצת אחת לא־תוליד על־שפתיהם.
האין פצעיהם נאמנים — — ולמה תפלתם רמיה?
למה יכחשו לי ביום אידם, ומה־בצע בכחשיהם?
ורה גם־ראה: עוד הם נמקים ביגונם,
כלם יורדים בבכי, ישאו קינה בניהם,
והנה הם מתופפים על־לבביהם ומתודים על־עוונם
לאמר: „אשמנו, בגדנו" — ולבם לא־יאמין לפיהם.
היחטא עצב נפוץ ואם־שברי חרש יאשמו?
ולמה זה יתחננו אלי? — דבר אליהם וירעמו!
ירימו־נא אגרף כנגדי ויתבעו את־עלבונם,
את־עלבון כל־הדורות מראשם ועד־סופם,
ויפוצצו השמים וכסאי באגרופם.

וגם־אתה, בן־אדם, אל־תבדל מתוך עדתם,
האמן לנגעי לבם ואל־תאמן לתחינתם;
ובהרם החזן קולו: „עשה למען הטבוחים!
עשה למען תינוקות! עשה למען עוללי טפוחים"!
ועמודי הבית יתפלצו בזעקת תאניה,
וסמרה שערת בשרך ופחד יקראך ורעדה —
והתאכזרתי אני אליך — ולא־תגעה אתם בבכיה
וכי־תפרץ שאגתך — אני בין שניך אמיתנה;
יחללו לבדם צרתם — ואתה אל תחללנה.
תעמד הצרה לדורות — צרה לא־נספדה,
ודמעתך אתה תאצר דמעה בלי־שפוכה,
ובנית עליה מבצר ברזל וחומת נחושה
של־חמת מות, שנאת שאול ומשטמה כבושה,
ונאחזה בלבבך וגדלה שם כפתן במאורתו,
וינקתם זה מזה ולא־תמצאו מנוחה;
והרעבת והצמאת אותו — ואחר תהרוס חומתו
ובראש פתנים אכזר לחפשי תשלחנו
ועל־עם עברתך וחמלתך ביום רעם תצונו.

עתה צא מזה ושוב בין־השמשות
וראית אחרית אֲבל עם: והנה כל־אלה הנפשות

אשר־חרדו והקיצו בקר — שבו לערב ותרדמנה,
ויגעי בכי ודכי רוח הנם עומדים עתה בחשכה,
עוד השפתים נעות, מפללות — אך הלב נחר תוכו,
ובלא ניצוץ תקוה בלב ובלי שביב אור בעין
היד תגשש באפלה, תבקש משען — ואין...
ככה תעשן עוד הפתילה אחרי כלות שמנה,
כך ימשך סוס זקן אשר נשבר כוחו.
לו אגדת תנחומים אחת הניחה להם צרתם,
להיות להם למשיבת נפש ולכלכל שיבתם!
הנה כלה הצום, קראו „ויחל”, אמרו „עננו” — ולמה
עוד הצבור מתמהמה? — היקראו גם „איכה”? —
לא! הנה דרשן עולה על־הבמה,
הנה הוא פותח פיו, מגמגם ומפיח אמריו,
טח תפל ולוחש פסוקים על מכתם הטריה,
ואף קול אלהים אחד לא־יציל מפיהו,
גם־ניצוץ קטן אחד לא־ידליק בלבבם;
ועדר אדני עומד בזקניו ובנעריו,
אלה שומעים ומפהקים ואלה ראש יניעו;
תו המות על־מצחם ולבבם יוכת שאיה.
מת רוחם, נס לחם, ואלהיהם עזבם.

וגם־אתה אל־תנוד להם, אל־תזעזע חנם פצעיהם,
אל־תגדש עוד לשוא סאת צרתם הגדושה;
באשר תגע אצבעך — שמה מכה אנושה,
כל בשרם עליהם יכאב — אבל נושנו במכאוביהם
וישלימו עם חיי בשתם, ומה־בצע כי תנחמם?
עלובים הם מקצוף עליהם ואובדים הם מרחמם;
הנח להם וילכו — הנה יצאו הכוכבים,
ואבלים וחפויי ראש ובבשת גנבים
איש איש עם־נגעי לבו ישוב הביתה,
וגוו כפוף משהיה ונפשו ריקה משהיתה,
ואיש איש עם נגעי לבו יעלה על־משכבו
והחלדה על־עצמיו והרקב בלבבו...
והיה כי־תשכים מחר ויצאת בראש דרכים —
וראית המון שברי אדם נאנקים ונאנחים,
צובאים על חלונות ג ב י ר י ם וחונים על הפתחים,
מכריזים בפומבי על־פצעיהם כרוכל על־מרכולת,
למי גלגולת רצוצה ולמי פצע יד וחבורה,

וכולם פושטים יד כהה וחושפים זרוע שבורה,
ועיניהם, עיני עבדים מוכים, אל יד גביריהם,
לאמר: „גלגולת רצוצה לי, אב „קדוש" לי — תנה את תשלומיהם!"
וגבירים בני רחמנים מתמלאים עליהם רחמים
ומושיטים להם מבפנים מקל ותרמיל לגלגולת,
אומרים „ברוך שפטרנו" — והקבצנים מתנחמים.

לבית־הקברות, קבצנים! וחפרתם עצמות אבותיכם
ועצמות אחיכם הקדושים ומלאתם תרמיליכם
ועמסתם אותם על־שכם ויצאתם לדרך, עתידים
לעשות בהם סחורה בכל־הירידים;
וראיתם לכם יד בראש דרכים, לעין רואים,
ושטחתם אותם לשמש על־סמרטוטיכם הצואים,
ובגרון נחר שירה קבצנית עליהם תשוררו.
וקראתם לחסד לאומים והתפללתם לרחמי גוים,
וכאשר פשטתם יד תפשוטו, וכאשר שנוררתם תשנוררו.

ועתה מה־לך פה, בן־אדם, קום ברח המדברה
ונשאת עמך שמה את־כוס היגונים,
וקרעת שם את־נפשך לעשרה קרעים
ואת־לבבך תתן מאכל לחרון אין־אונים,
ודמעתך הגדולה הורד שם על קדקד הסלעים
ושאגתך המרה שלח — ותאבד בסערה.

תמוז־תשרי, תרס"ד.

# א עצה טובה פון א חבר...

**צו אונזערע ציעשינאָווער לאַנדסלייט אין אמעריקע, קאַנאַדע, ענגלאַנד און אנדערע ענגליש ריידענדיקע לענדער.**

די צווייטע וועלט מלחמה — דער וועלט־בראַנד, וואָס איז אריין אין דער נאַציאָנאַלער געשיכטע פון יידישן פאָלק אונטערן נאָמען "דער דריטער חורבן", — האָט זיך געענדיקט אין 1945, אָבער מען האָט געדאַרפט וואַרטן באַלד א פערטל יאָרהונדערט, אז די לייענערס אויף אזא אוניווערסאַלער שפּראַך ווי ענגליש — און בעיקר די יידן, וואָס לעבן אין דער ענגלישער שפּראַך ספערע — זאָלן זיך באַקענען מיט דעם פולן פאַרנעם פון דער יידישער מאַרטירערשאַפט, פון אונדזער פאָלקישן קידוש השם, פון אונדזער גבורה און ווידערשטאַנד, זינט די נאַצים האָבן אָנגעהויבן דורכפירן זייער ציל אומצוברענגען די יידן אונטער זייער שליטה, ביז זייער מפּלה.

אונדזער נאַציאָנאַל־ביאָלאָגישע היגיענע, אזוי צו זאָגן, האָט געפאָדערט אַז די וואַקסנדיקע דורות יידן, זאָלן וויסן פאַרוואָס און ווי אזוי עס איז געשען דער אומקום פון זעקס מיליאָן יידן, או וואָס יידן גופא האָבן געטאָן כדי נישט צו דערלאָזן, אז די נאַצישע פּלענער זאָלן דורכגעפירט ווערן אין דער פולסטער מאָס.

א ווערק פאַר די דאָזיקע יידן וואָס די ענגלישע שפּראַך איז זייער שפּראַך פון רעדן, לייענען, דענקען און פילן — איז סוף־כל־סוף דערשינען.

מיין כוונה איז די 'אַנטאָלאָגיע פון קאַטאַסטראָפע־ליטעראַטור', פון פאַרשידענע יידישע ליטעראַטן ארויסגעגעבן פון דער יידישער פאַרלאַגס־געזעלשאַפט אין אַמעריקע.

כדי דער לייענער זאָל האָבן א פולן באַגריף וועגן דעם תוך און תוכן פון דער דאָזיקער ווערטפולער אַנטאָלאָגיע, איז כדאי אונציווייזן, אז די דאָזיקע זאַמלונג אנטהאַלט איבערזעצונגען פון זכרונות און פאַרשידענע דאָקומענטן אין פאַרשידענע לשונות וואָס דער אויבנאָן פאַרנעמט די יידישע שפּראַך, ווייל דער עיקר וועלכער האָט געליטן פון די דייטשע אכזוריותן זענען געווען יידן פון מזרח אירופּה, און ווייל די דאָזיקע יידן זענען געווען די עיקר־קעמפּערס קעגן דעם שונא.

מיר דאַרפן נישט קיינמאָל פאַרגעסן דעם ביטערן אמת, אז די דייטשן האָבן געהאַט מערדערישע ארויסהעלפערס צווישן די דעגענעראַטן פון אנדערע פעלקער: עסטרייכער, סלאָוואַקן, פּאָליאַקן, אוקראַינער, ליטווינער, ווייסרוסן א.א.

צווישן די פאַרשידענע דאָקומענטן פון דער דאָזיקער 'אנטאלאגיע' זענען פאַרהאַן אויך דאָקומענטן פון די אויבן אויסגערעכנטע פעלקער וועלכע האָבן זיך אַקטיוו באטייליקט אין דער אויסראָטונג פונם יידישן פאָלק אין די יאָרן 1940 — 1944.

עס איז נישט גענוג וואָס מיר ליינען אויף יידיש וועגן דער קדוש השם אין די יאָרן פון דער צווייטער וועלט מלחמה, מיר דארפן זען, אז עס זאָל זיין א סך תרגומים אין אלע וועלט שפראכן, דאָרכדעם די אנטאלאגיע וועלכע איז ארויס אין דער ענגלישער שפּראַך איז א מיטעל באקאנט צו מאכען אונזערע ברידער אין דער ענגלישע שפּראַך-ספערע וועגן דעם גרויסן אומגליק פון מאָרד און פיין מיט וועלכע די אויבענאויסגערעכנטע פעלקער זענען זיך באגאנגען געגן דעם יידישן פאָלק אין דער שליטה צייט פון דעם גרעסטן שונא ישראל דער ברוינער אשמדאי היטלר ימ״ש.

מיר דארפן זיין צופרידען וואָס אזא אנטאלאגיע איז ארויס אין דער ענגלישע שפּראַך, און ווי מיר האָפן וועט דאָס ווערק אויך ארויס בקרוב אין פראנצויזיש און אויך אין שפּאניש, אזוי אז אונזער יידישע יוגענד אין די דאָזיקע לענדער וועלכע פאַרשטעהן שוין נישט יידיש וועלן זיך באקענען מיט די גרויסע גבורים פון זייער פאָלק וועלכע האָבן זיך מיט אזא העלדישע גבורה קעגענגעשטעלט און פאַרטיידיקט זייער יידישן כבוד געגענאיבער א וועלט רוצחים, חיות מיט פנימער פון מענטשן.

**ד״ר דוד רביד**

# הפצצה הראשונה!

העיר הופצצה, התקפות-אוויר ודליקות, שלא היה במה לכבותן, באו לסירוגין בזו אחר זו.

באחת ההפצצות נפגעו והתמוטטו הרבה בתים ונהרסו עד היסוד, התושבים נמלטו מהעיר.

מאחר שלא הספקתי לברוח, נאלצתי לרדת למרתף ביתי ששימש לי מקלט נגד הפצצות.

במרתף חושך מצרים, החלונות סגורים, הנשימה קשה והפחד נוקב ואוכל את גופי.

כשהפיצוץ שכך קימעא, ברחתי גם אני מהעיר והגעתי בקושי לכפר הסמוך וראיתי, שעל פני שטח גדול ונרחב שכבו, ישבו ועמדו צפופים גברים, נשים וטף, ולידם חבילות, מזוודות, עגלות-יד, עגלות-ילדים, תינוקות. שאון והמולה עמדו בחללו של האוויר ומתוך ההמולה הזאת עוד בקעו ועלו קריאות עידוד ועוז-רוח, אך גברו ותקפו קולות היאוש, שהעידו על דכאון, עייפות ונדודי-שינה.

הגשר על יד השטח נחסם על-ידי יחידות הצבא הפולני הנסוג, בדרך לא דרך הוספתי לצעוד מזרחה יחד עם כל שיירת הפליטים.

פתאום אני רואה על ידי, עומד יהודי זקן לבוש בגדי משי, כובע-סאנץ על ראשו ומקל בידו. הוא הביט ישר בפני ואמר: אל תבכה, תזכה לראות את מפלת-היטלר, ותבנה את ביתך החדש יחד עם כל משפחתך בארץ הקודש.

טרם הספקתי לשמוע ולתפוס מה שאמר לי, נעלם ואיננו — חפשתי אותו אבל לשוא.

כשההכרה חזרה אלי, נודע לי שקבלתי זעזוע-מוח מרעש הפצצה אשר נפלה לא רחוק ממני.

**ד"ר דוד רביד**

# שיר - אבל לזכר אחינו ואחיותינו שנהרגו בידי הגרמנים !

מנין למדנו למחות דמעות ?

לשאת הכאב בחשאי ?

בסתר לבנו להטמין התלונה

הסבל הבכי...

שמעו את הרוח ! בלוע פתוח

שואגת בגיא והרים ;

ראו את הים, בקצף וזעם

מצליף את ענקי הסלעים.

הטבע כולו רועש וגועש

פורץ כל גדר וצורה,

האויב מתקרב ב״הייל״

והקדושים ענו ב״שמע־ישראל״.

פצו עלינו פיהם כל אויבינו

פחד ופחת היה לנו,

פלגי מים תרד עיני

על שבר בת־עמי.

ד״ר דוד רביד

# שיר מזמור לבני ועדת הארגון

„צדיקים אומרים מעט ועושים הרבה" אומרת הגמרא (ב"מ פז).

כשהבעתי בפני חברי, יוצאי עירנו, את הדעה שהגיע הזמן להנציח את חללי משפחותינו ולהעמיד גל־עד לכבודם, פתחו את פיהם מרוב השתוממות.

מאין ניקח חומר ספרותי? — שאלו.

מאין ניקח את האמצעים הדרושים למבצע זה?

ומי מאתנו יקח על עצמו את כל העבודות הכרוכות בהוצאה לאור של ספר זכרון, העבודה הטכנית, העבודה הספרותית והעיקר, איסוף התרומות לקרן הספר?

כשהסברתי שאנו זקוקים רק לדבר אחד, דהיינו: 'רצון־טוב', ואין דבר העומד בפני הרצון של אדם, אם אמנם שואף הוא לדבר בכל לבו ונפשו, נהפכו כולם בן רגע, מקטני אמונה למאמינים ופרצו במלים המפורסמות בעם עוד מימי קדם „נעשה ונשמע", בלי שאצטרך לכפות על מישהו את „ההר כגיגית".

אחרי שהסכימו לרעיוני, נתנו איש את מתנת ידו ונגשו לעבודה המעשית.

החברים: מר טפר, מר ליברמן, מר גלנצר, מר לנגנטל, מר שמיד ומר פרידמן, שיחיו כולם לאורך ימים, עזרו בכל כוחם הפיסי והרוחני, כדי להקל עלי במקצת את המעמסה אשר היתה עד אז מונחת אך ורק על שכמי.

במיוחד עזר הרבה מר טפר. נשמתי לרווחה כאשר מר טפר לקח לידיו את הפצת הכרוזים וכו'. כן הוקל עלי כאשר החברים ליברמן, פרידמן, גלנצר, שמיד, ובמיוחד החבר לנגנטל, יעצו אותי בעצות הגיוניות ברגע אשר נזקקתי להן.

בטוח אני בזה — שכל מי שלבו דואב וכואב על החורבן הנורא שקרה לעמנו יברך את אנשי הוועד על עבודת הנצחת קדושי עירנו, וזכותם תעמוד לי ולהם שנזכה לראות בקרוב בנחמת ציון וירושלים ושיהיה שלום על עם ישראל ועל מדינת ישראל.

ד"ר דוד רביד

**חגיגת יום הולדת לילדי ציעשינאָוו בדנציג**



עומדים מימין לשמאל: אברהם טויבנבלט בן אייזיק עליהם השלום, פלצר כעת עו"ד נ"י, אוסי שמוקלר נ"י בן דוד כעת אוסי רביד סגן אלוף בצה"ל.

בשורה שניה: השני מימין, רודי שמוקלר נ"י בן דוד, כעת אורי רביד מנהל בנק בתל-אביב, בניהם של אייזיק טובענבלט — יוסף ע"ה ופנחס נ"י, כעת בתל-אביב, והאחרונה — בתו של מחבר 'ספר הזכרון' — שושנה רביד-פרידמן תחי' שחקנית הבימה.

**הנוער היהודי מלובלינץ ע"י ציעשינאוו, מודרך על-ידי מר שמחה זגל**



**ר׳ דוד בן ר׳ מיכאל זורמן ז״ל, יליד ציעשינאוו — עם זוגתו הגברת ברכה בת ר׳ מרדכי גלנצר ע״ה מציעשינאוו.**



אביו ר׳ מיכאל ע״ה נפטר בדמי ימיו, היה איש נכבד ונחשב לאחד מטובי בעלי־בָתים בעיר. השאיר אחריו אשה וחמישה ילדים צעירים בלי בסים לקיומם. הם התפזרו בכל קצוי תבל בחיפוש אחרי מעמד כלכלי, ולאחר טילטולים במדינות שונות, קבע ר׳ דוד את משכנו בעיר ואם בגולת בלגיה — אנטוורפן, והשוכן בשמים גמל לו שכרו הטוב בעיר זו.

רעיתו ברכה היא אשת חיל, מהוללת במעשיה הטובים.

**נחום הכהן גולדשמיד**
**חבר הרבנות הראשית בתל־אביב**
ורב בשכוני בצרון דרך השלום
המעון: רח׳ יפרח 8א׳, בצרון, תל־אביב
טלפון 36643

לכבוד ידידי
ד״ר דוד רביד!

נעניתי לבקשתך להשתתף במאמר ההנצחה על קדושי השואה, בספר שיצא לאור על קדושי עיר ציעשינאוו בעריכתך.

הגם שדשו כבר רבות בנושא השואה, הרי לא תחדל הלשון מלהזכיר גם אם תכלה הדיו בעט, ולא יחדל המוח מלחשוב על אותם רבבות קדושים וטהורים, שקידשו שם שמים בחייהם ובמותם, בתקופה של התפרקות החיה שבאדם, אשר בשם „נאציזם" תכונה. בתקופה של עולם תרבותי ונאור בעל רמה טכנית שהרקיעה שחקים, לא עמדה לאנושות תרבותם הגבוהה לגלות מידת־מה של מוסריות. להיפך, ההישגים הטכניים שימשו אמצעים לג׳ינוסיד, אמצעי ומכשיר לרצח המוני, השמדת עם והשתקת כל הד של מצפון ומוסר כליות.

אעפ״כ, זכרם של קדושי ישראל נשאר קיים לעד, באשר שוב לא הצליחה מחשבת הבליעל של עמלק להשמיד את כל העם כפי שהיה בדעתו של העמלקי הראשון — לבן הארמי, „כשבקש לעקר את הכל".

מה הוא, אם כן, אותו סוד נצחי — של צאצאי האב הגדול, יעקב סבא — סוד הקיום? מה הוא מקורו? — „נצח והנצחה" ככל מלה וביטוי בעלי כמות קטנה ואיכות מרובה, הרי מלים אלה הן בעלות משמעות רחבה יותר מהמסגרת הבלשנית המוגדרת. אלה הן מלים בעלות משמעות אבסטרקטית בעלת כוון מוגדר המיוחד לעם היהודי, עם הנצח — שהאלוקים אשר הוא נצח ישראל, הוא לו למשגב. המקור של „נצח ישראל" — כביטויו של גדול נביאי ישראל, שמואל — נעוץ בשרשי עמנו, שהם שרשי האנושות כולה, כמו שמסביר הכוזרי: „ישראל בעמים — כלב באברים". כלומר: ישראל הוא לב העמים ומצפונם, אבן הבוחן לרמתו הרוחנית של העולם. מה הלב שאין לו שייכות עם מחלות האברים בכל זאת הוא הראשון הסובל מנזקם, וכן להיפך. וכשם שאין קיום לגוף בלי הלב, כך אין קיום לאנושות כולה בלי ישראל.

אם כי בגופם מתחיל קיום עמנו מאז האבות הקדושים, הרי ברוחם נעוץ שרשם עד לשרש האנושות — האדם הראשון. המעיין בחומש בראשית, יווכח שבכל התקופות שלפני האבות, נבחר אחד ויחיד מכל דור שרק בו מספרת התורה, וכל השאר טפלים לו, כעלים מסביב לפרי, וכענפים מסביב לגזע. המופלא שבדבר הוא, שאותם היחידים הנבחרים, אינם בני בלי שם, אלא דוקא צאצא ישיר מהענק הרוחני של הדור הקודם, וכך עד לאדם הראשון שימשו יחידים אלה כמשען לאנושות שבדורם. מכאן נקרא עם ישראל עם הנצח, כי שרשיו

נעוצים ישר בנצח, כלומר: בבריאה שהיא כולה נצח. לכן, כל עוד קיימת האנושות, יהא קיים עם זה, באשר בלי ישראל כמוה כגוף בלי לב, אנושות מתה או נסוגה עד למדרגת החיה.

מכאן שנצחיות ישראל הוא חוק בטבע אשר ה' טבע בבריאה. „נצח ישראל" הוא כינוי לאלקים, ואין הכוונה כאן שה' נצחי, אלא שם אלקים נסמך לעם, כלומר, הכוונה היא על נצחיות ישראל, על הטבע הנצחי שטבע אלקים בבריאה שלא תכזיב, ולא יתכן כלל להשמיד עם זה, יען כי האלקים יוצר הבריאה חקק בה חוק המגן על ישראל ומשמרו בכל הדורות, שמור שמחייב טבע העולם החפץ להיות טוב ואנושי. לפיכך, אין משמעות מיוחדת לחיי היהודי בפרט אלא כחלק מהכלל. היהודי הוא בורג בעם שתפקידו למלא שליחות מוגדרת, שהיא משימה לאומית של תיקון העולם. לכן ניתן ליהודי הכוח הרוחני המיוחד שהוא פרי סינון ובחירה של הדורות הראשונים ליצירת עם משובח ברוחניות, וזאת בתוספת של מתנת אלקים שניתנה במעמד הר סיני — והיא התורה הקדושה. מכאן מובנת האחריות הגדולה המוטלת על עם ישראל למילוי שליחותו, שליחות הרמת הרמה הרוחנית של העולם כולו.

עם כל האמור, מנסרת עדיין בחלל העולם אותה שאלה על השתיקה המופלאה שהשתררה בזמן השואה. לזה נקדיש שורות אחדות מתנא דבי אליהו רבא פרק ל': פעם אחת נכנס ר' צדוק לבית המקדש וראה אותו חרב. אמר לפני הקב"ה: רבש"ע, אבי שבשמים! החרבת את עירך ושרפת את היכלך? מיד נתנמנם ר' צדוק, וראה את הקב"ה שהוא עומד בהספד ומלאכי השרת מספידין אחריו, ואמרו: הוי אמנה ירושלים... לפני שנתנמנם היה ר' צדוק מתמיה ומקשה בלי הרף וצועק: ישבת שלות שקטת? אבל כשזכה לראות, הרי שראה את הצער הגדול, איך שהקב"ה מצטער ובוכה וכיצד הוא מכין את הגאולה. רגע של נמנום, של ביטול חושי העולם הזה, רגע של עצימת עיניים מהוויות העולם הזה, נותן לאדם את הכוח להתרומם לגילויים של סודות העולם הבא, ולראות כיצד הקב"ה כוסף ומתגעגע לרחמים שיפרשו את כפיהם על ישראל, ולגאלם. לדאבון הלב, מידת הדין מקטרגת ומעכבת, אך כשתבוא העת תפולנה כל המחיצות, ומידת הרחמים תשפוך על כל העולם כולו אור גדול, ויגלה כבודו יתברך במלא עוזו ותפארתו.

על מנת לקרב את הגאולה ולמלא את יעודנו — יעוד של תיקון העולם שהוא משימתנו הלאומית, אשר בגללה זכינו להיות „הלב" של האומות, וניתנה לנו הסגולה של נצחיות — עלינו להשתמש באמצעי הבדוק והמנוסה והוא — חינוך של השרשת עקרונות, עקרונות של אמונה ומסורת על טהרת תורתנו הקדושה, אשר מקורה בנצח. כדברי המדרש בבראשית רבא ס' כ"א ס"ק י"א: „להט החרב המתהפכת" — המתהפכת על האדם ומלהטתו מראשו ועד רגליו ומרגליו ועד ראשו. אמר אדם: מי מציל בני מאש לוהטת זו? וכו', רבנן אמרי: חרב זו תורה, שנאמר: וחרב פפיות בידם.

כאן נעוץ סוד הקיום והנצחיות של עם ישראל.

# יתגדל ויתקדש שמיה רבא...

מאת

שרגא פיבל לרר

**לזכרון** כל קדושי עמנו שנגדעו ונעלמו,
ביד הנאצים הארורים וכל עוזריהם וגרוריהם,
ללא עוול בכפם.

**לזכרון** כל ששת מליוני בני עמנו ולזכרון
מליון ושלוש מאות אלף תינוקות
וילדים קדושים טהורים ותמימים.

**לזכרון** כל גיבורינו שהרהיבו עוז בנפשם,
להתקומם כאריות נגד משמידיהם
וחרפו את נפשם והצילו את כבודם
וכבוד כל עם ישראל, יכון שמם
וזכרם עד סוף כל הדורות.

**לזכרון** כל בני עמנו שלחמו ביערות ובצבאות
כל העמים ובכל מקום, נגד חיות
טרף חדלי אישים והקימו בגבורתם
גל עד של נצח לדוגמא ולמופת.

**לזכרון** כל לוחמי המחתרת בחטיבת הלוחמים
במערכות העם.

**לזכרון** חללי צבא הגנה לישראל בכל המערכות.

**ולזכרון** כל חללי עמנו לשחרור לעצמאות
ולהגנה, שנפלו בגבורת נצח
על מזבח ארצנו ועמנו.

**תהיה נשמתם צרורה בצרור החיים**

ונתתי להם יד ושם אשר לא יכרת. ... הנאהבים והנעימים ...

# לוח־עד לזכרון עולם

בשברון לב נזכור לעולמים את בני משפחתנו וקרובינו היקרים, שנפלו חללים בימי שואת עמנו בשנות הת״ש-תש״ה, קרבנות הצורר הגרמני הנאצי וגרוריו ימ״ש.

ואלה שמות הנשמות הקדושות והטהורות:

מאיר בן נתן ושרנה לדר ורעיתו רבקה בת שמואל וגיטל יוסט.
בניהם: שמואל־זיינוול, גיטל, מינדל לבית לדר, בעלה יהודה סגל ובנם אשר.
מינטשה שטערנליכט בת לייב־אורי וואקסמאן ושיינדל־מחלה לבית סגל.
בניה: יוסף, ליפא־יום־טוב. ציטה־צייטל בת פייבל־שרגא־יצחק ושרה־טובה סגל.
אסתר לבית וואקסמאן, בעלה חיים מינץ, בניהם: אברהם, פייגה.
בני נתן לדר: אברהם־יצחק, דב, אריה, עוזר, זעלדה שטראסבערג, איידל קורמן, ברנציה לדר.
ושאר בני לדר, בני וואקסמאן, בני יוסט, בני סגל על משפחותיהם וצאצאיהם.
(יוצאי ערי גאליציה: צ׳יעשאנוב, נארול־ליפסק, ראווא־רוסקא, וישוב־ריישא, לבוב־למברג)

ולזכר שאר קרובינו, אשר שמותיהם לא נפקדו כאן, כי רבים הם,
ולא נודע מקום קבורתם, ה׳ יקום דמם.

וכן לזכר הפעוט משה־יוסף לדר ששבק נפשו, (בסורוקינה-סיביר).
תהא נשמתם צרורה בצרור החיים:

המנציח: שרגא־יצחק (פייבל) לדר בן אריה־לייב לדר (לערער) וחוה לבית וואקסמאן.

חיפה, אלול התשכ״ז

המצבה הזאת נקבעה בבית הכנסת ע״ש קדושי השואה והגבורה בחיפה

**הצהרת אימוץ והנצחת קהילת ציעשינאוו בבית ספר "מוריה" בחיפה בחודש אדר תשכ"ט.**



מימין לשמאל:

הרב ד"ר מנדל פרנקל, ד"ר דוד רביד, הרב יעקב פינק, מר שרגא פיבל לרר, הרב ד"ר מרדכי פוגלמן ומר נתן להב.

# אדאפטירט אונזער ציעשינובער קהילה אין חיפה

### פון שרגא פייביל לרר

אים חדש ניסן תשכ״ט, האָט דער בית־ספר ממלכתי דתי (מלוכהשע רעליגיעזע שולע) „מוריה״ אין חיפה, לויט דער אינציאטיוו פונם שרייבער פון די דאָזיקע שורות, אדאפטירט אונזער חרב געוואָרענע קהילה. די אדאפטיר און פאראייביקונגס־צערעמאָניע פון אונזער קהילה ווי אויך פון די קהילות נאראל־ליפסק און בעלזשיץ, האָט זיך אָנגעהויבן מיט אַ קאַפּיטל תהילים געזאָגט דורך אַ חזן, די קינדער פון דער שולע האָבן אָנגעצונדען ליכט לזכר די 6 מיליאָן קדושים און גבורים, אַ תלמיד האָט געזאָגט 'יזכור' און דער מוזיקער פּראָפעסאָר שמעון מוטמן, האָט מיט זיין טשעלא אויפגעשפּילט טרויער־מוזיק פון דער שואָה.

דער אינציאטור אַ געבוירענער ציעשינאווער האָט אונטערגעשטראָכן די וויכטיקייט פון דעם חוב צו פאראייביקן אויף פארשידענע אופנים אונזער פארשניטן פאָלק:

איך וויל געבן אַ ברכה און באַגריסן דעם קרייז פאַר יידישער קולטור טעטיקייט אין אונזער מאַמע־לשון, וואָס האָט אונז מזכה געווען מיט דעם אוונט. איך וויל אויך צוגעבן אַז צווישן יידיש און עברית, האָב איך אויסגעקליבן יידיש, ווייל יידיש איז געווען די קדוש־השם שפּראַך פון אונזערע קדושים, פון אונזערע לעצטע קדושים, אפילו 'שמע־ישראל' פארן טויט, האָבן זיי געזאָגט אויף יידיש, די שפּראַך איז אונז פאר דעם אויך ליב און הייליק. ר' עקיבא אומר: הכל צפוי והרשות נתונה והעולם בטוב נדון. די גאַנצע מענטשליכע וועלט, ווערט נאָר געמאָסטן דאָס גוטע און דאָס שלעכטע, יעדער מענטשליכע ווערט איז אבער גוט אבער שלעכט, טראַגעדיע און קאָמעדיע, דאָס לעבן איז דראמא, און באַזונדער איז דראַמאַטיש דאָס לעבן פונם יידישן פאָלק, און דער געמיש פון די צוויי געפילן איז טאַקע דער אינהאַלט פון היינטיקן אָוונט. מיר יידן, אונזער גאַנצע געשיכטע, שטייט תמיד ביי די עקן, אָדער אין דעם עק ביי דער קאָמעדיע, אָדער אינם עק ביי דער טראַגעדיע, זי איז תמיד דראַמאַטיש.

אפילו אונזער מוזיק איז אויך דראַמאַטיש, אויף חתונות פלעגט מען זאָגען, נו — שפּילט מיר אַ פריילעכס אָדער עפּיס טרויריגס, ווייל טרויריקע מוזיק איז אַ קינסטלערישער געוויין אָן ווערטער. ווייל איך דערמאָן אונזערע יידישע מוזיק, דערלויב איך מיר דורך דעם פאַרצושטעלן דעם חשובן מוזיקער פּראָפ. מוטמן, וועלכער פאַראייניקט קונסט מיט האַרץ, מיט יידישקייט אין איין געלונגענעם ווירטואזיזם.

מיר זענען טאַקע אַ אויסדערוועלט פאָלק, ווייל נאָר מיר האָבן די גרעסטע און דראַמאַטישסטע לעבענסגעשיכטע.

קיין פאָלק האָט נישט אַזוי פיהל געליטן פאַר זיין פאָלקישקייט, קולטור און רעליגיע, אונזערע יידן האָבן זיך קיינמאָל נישט אופגעהערט טראַצדעם וואָס מיר האָבן זיך אליין זיי נישט גענומען און נישט אליין געמאַכט, נאָר אנדערע פעלקער האָבן אונז געפייניקט.

כמעט אלע פעלקער אלע אלע!! מיר האָבן אַ בלוטיקן חשבון מיט כמעט אלע כאילו 'קולטורעלע' פעלקר — אָבר דער קלימאקס איז געווען די 'שואה' קאַטאַסטראָפע־חורבן. אירופה האָט אונז אויסגעהאַרגעט און אפגעיאַרשנט. פאַר וואָס? פאַר ווען? געוואלט, פאַר וואָס? פאַר גאָרניטש — נאָר ווייל די ערגסטע האָבן זייט די וועלט שטייט תמיד געמאָרדעט די בעסטע — ווייל זייט קין האָט דערמאָרדעט זיין ברודער הבל לעבן אפנים אלע פעלקער ווי ברידער!!! פשוט גערעדט — זוי קין און הבל.

דער קלאָרסטער מוסר השכל פון אונזער לעצטען אומגליק איז פאַר היינט און תמיד, דער פאלגענדער: גלות טויג נישט! רייך טויג נישט! אָרם טויג נישט, קלוג טויג נישט נאַריש טויג נישט, און פיין טויג נישט, געלערנט טויג נישט או פאטריוטיזם טויג נישט און זיין העלדן פאַר פרעמדע לענדער און פעלקער טויג נישט א.א.וו. אַ פאָלק מוז נאָר זיין פריי און לעבן אין זיין אייגן לאַנד.

דער נביא זאָגט: נצח ישראל לא ישקר! יידן וועלן קיינמאָל נישט דורכפאַלן, נו? ישראל מיינט אפנים נישט 'בני ישראל' אדער 'עם ישראל' נאָר טאַקע: ארץ־ישראל. היינט הייסט אונזער לאנד 'ישראל' „נצח ישראל" מיינט אפנים דאָס 'פאָלק' ישראל אינם לאנד 'ישראל' וועט קיינמאָל נישט פאַרשווינדן דאָס זעט אויס איז די איינציקע באַדייטונג אין גירסא פון דעם נביא'שן פסוק.

ווייל ישראל צווישן די גויים... ווייל די יידן צווישן אייראפעאישע גויים... ווייל ישראל אין גלות איז אונטערגעגאנגען.

מיר יידן האָבן אלע יענע לענדער אופגעבויט.

ווען קאזשמירש וויעלקי, האָט אין 15 יאָרהונדערט פארבעטן די יידן פון דייטשלאַנד צו קומען קיין פולין אויפבויען האַנדל און אינדוסטריע, זענען זיי געקומען מיט זייער יידיש־טייטש לשון און מיט קאָפּ או האנד אופגעבויט כמעט אלע צענטערס פון אלע פוילישע שטעט... ביז זיי האָבן אונז אויסגעמאָרדעט, אויסגעשפיגן און איינגעשלונגען ווען זיי האָבן געמיינט אַז מיר זענען זיי שוין נישט נעטיק.

אלע גויים (חוץ אַ קליינער טייל פון די חסידי אומות), האָבן אונז אפגעצאָלט מיט שטיינער פאַרן ברויט, מיר האָבן כמעט גאַנץ ווארשע, לעמבערג, קראָקע, לאָדז, קאַטאָוויץ, ריישע, ווילנא, קיעב א.וו. אפילו וויען, בערלין אופגעבויט, מיר זענען די מוראשקעס פון דער היסטאָריע... מיר זענען דער הייוון פונם מענטשן טייג הן מאטעריעל והן אין מאראלישן אזוי אויך אין און אויך דעם קולטורעלן און אינטעלעקטואלן געביט, ווייל אונזערע מיטל און מזרח אייראפעישע ברידער האָבן געשאפן מאנומענטאלע קולטור ווערק פון אייביקן ווערט.

ווען מיר דערמאָנען נאָר בלויז איינציקע ווי: בעש״ט, ווילנער־גאון, דער בערדיצעווער, סאלאנטער, סאנדזער, בעלזער, ריזשינער, שלום עליכם, פרץ, אַש, מאַנגער, דר. טאהן, קראכמל, דובנוב, יעבץ, גרץ, שולמן, איינשטיין, ציטלין, רינגלבוים, זיגלבלום, ווייצמן, טרוצקי, בובר, לייוויק א.א. ויבדלו לחיים ארוכים: עגנון, אורי צבי גרינברג, ש. שלום, שלונסקי, שזר, גרינבוים, דר. סנה, גדעון האוזנער, בן־גוריון, פרופ. סדן און פיל אנדערע אויף אלע וויסנשאפטליכע קולטורעלע געזעלשאפטליכע און אנדערע געביטן, איך האב זיי געברענגט אלס מוסטער פון טאלאנט און פון נביאישער איבערמענשהייט, און כדי צו זעען די גייסטיקע הויכקייט און ציטיקייט פון דעם פארשניטענעם צווייג פון אונזער פאלק.

מיר יידן האָבן אַ גוטן זכרון, מיר וועלן אויף אייביקע צייטן נישט פאַרגעסן וואָס די דייטשן, פאָלאַקן, אוקראינער, לעטטן, ליטווינער און פיל אנדערע פעלקער האָבן אונז געטאָן.

נאך 3500 יאָר זאָגן מיר נאָך אלץ די הגדה, אזוי ס׳זאָל געווען זיין די פלוג און נסים פון יציאת מצרים ערשט נעכטן.

אט דער זכרון אונזער איז אונזער איינציקע טרייסט און פסיכישע רעאקציע קעגן אלע פרעה׳ס, עמלק׳ס טורקוועמאדוסעס, פעטלורעס און היטלערס ימח שמם וזכרם.

די איירופעישע יידן זענען פאַרשווינדן אָבער אונזער פרייע מדינת ישראל איז און וועט בלייבן אייביק.

עם ישראל חי וקיים — נצח ישראל לא ישקר

אין דער צערעמאָניאל האָבן זיך באטייליקט די שארית הפליטה און אויך דר. דוד רביד אז מר קורמן אלס פארשטייער פון די דערמאָנטע קהילות.

דר. רביד האָט אין זיין רעדע באטאנט אז אויך אין דער לעצטער שואה זענען געוויסע מנהיגים און פארשטייער פונם פאָלק דארך דער השגחה העליונה פארבלענדעט געוואָרן פון צו זעען די טרויריקע צוקונפט, גענוי ווי די חז״ל (גיטין נו), שעמן זיך נישט מודה צו זיין ׳בגלל ענוותנותו של ר׳ זכריה בן אבקולס, החריבו ביתנו ושרפו את היכלנו והגלתנו מארצנו׳, און די גמרא פארופט זיך אויף דעם באקאָנטן פסוק: ׳משיב חכמים אחור ודעתם יסכל׳, דאָס הייסט אויף מאמע־לשון: ׳אז דער וועלכער זיצט אין הימל וויל חלילה עפיס אפטאָן זיין פאָלק ישראל, נעמט ער קודם כל אוועק דעם שכל פון די אזויגענאנטע מנהיגים, און זיי ווערן הלילה פארבלענדעט פון צו זעען דאָס אונריקענדע שלעכטס, אזוי באהויפטעט דער פרעלעגענט, האָט אויך פאַסירט פאַר דער לעצטע שואה.

גערעדט האָט אויך הרב דר. פויגעלמן, הרב פונק און אנדערע.

זיי אלע דערמאָנען די פארשניטענע קהילות.

צום שלוס האָבן די קינדער רעציטירט, געזונגען געטא־לידער, דער חזן האָט געמאַכט אַ ׳אל מלא רחמים׳ פאר די געפאלענע קדושים און קעמפער אין די ארמייען קעגן די נאצים און פאר צה״ל.

**עצרת אימוץ קהילות ציעשינאוו — נארול–ליפסק בבית ספר "מוריה" בחיפה.**



מימין לשמאל: מר כץ מזכיר הארגון יוצאי נארול־ליפסק בישראל, הרב ד"ר מ. פרנקל, מר קורמן יו"ר ארגון יוצאי נארול־ליפסק בישראל, הרב ראוכברגר, ד"ר דוד רביד יו"ר ארגון יוצאי ציעשינאוו בישראל, הרב יעקב פינק, מר לרר, הרב ד"ר מרדכי פוגלמן, מר נ. להב, מר טוביה פרידמן מנהל המכון לדוקומנטציה ב'יד ושם' ומר רוזנפלד.

אל מלא רחמים שוכן עולמים, רם על כל רמים

נקום נקמת דם עבדיך השפוך, נקמת טפינו

ועוללינו, אשר נרצחו בידי הזדים הארורים

באכזריות נוראה, על קדושת שמך, יתברך וישתבח,

אמהות על צאצאיהן רוטשו;

לזכר:

אשתי היקרה והחשובה יראת ה׳ היא תתהלל

רחל בת יונה בוימל ע״ה, וגם ילדי, שבע ופיגע ע״ה

הנפשות הקדושות והטהורות אשר העלו על המוקד

בכ״ה מרחשון תש״ג בגטו טרנוב.

ת. נ. צ. ב. ה.

הרושמים אותם למזכרת נצח

**שלמה זלמן בוימל ובנו יונה**

# ילדים בצד ה„ארי" יחד עם משפחותיהם

## אלה מאהלר

### 1) סקירה כללית על החיים בצד הארי

יהודים אשר נמלטו מגיטאות פולין חיו בצד ה„ארי" כ ג ו י י ם, אם לא שפתם, לא מבטאם ולא מראה פניהם גילו את סוד מוצאם היהודי, וכן אם היו מצויים אצל המנהגים הדתיים והלאומיים של הארץ ויכלו בנקל להתערב בקרב האוכלוסיה הלא־יהודית. יהודים אשר חסרו להם תכונות אלה, נאלצו ל ה ס ת ת ר כ י ה ו ד י ם. אך בשני המקרים, ובמיוחד במקרה האחרון, זקוקים היו לאמצעים כספיים כדי לסלול לעצמם דרך ולקיים את עצמם בצד ה„ארי". יתר על כן, הם חייבים היו להיות מחוננים בכישרון לפעול באווירת פחד מתמיד. אנשים בעלי קלסתר פנים שמיים, שקיבלו חסות מידי לא־יהודים, היה עליהם לחיות לא רק בפחדם הם, פחד ממשי ומציאותי מאוד, אלא העיק עליהם גם הפחד המוצדק של מארחיהם.

סכנות לאין־ספור צפויות היו ליהודי בצד ה„ארי". עיניים תוהות, תנועות חסרות־ביטחון והתנהגות של מי שמסתיר משהו עלולות היו בנקל לבגוד בו. אם יהודיה אשר התגוררה עם בתה בין הפולנים היתה נוהגת לבקש מילדתה כשהעיזה לצאת מהבית: „עצמי עיניך, אניא, הן נראות יהודיות כל כך".

יהודי מוסווה עשוי היה להתגלות על־ידי אימרה בת גוון יהודי, ע"י בורות במנהגים ובנימוסים פולניים קצת יותר מסובכים, על־ידי אופן שונה של גילוי דאגה וחיבה לילדיו, על־ידי הימנעות מלהשתתף בשיחה אנטישמית, חוסר ידידים וקרובים, שפע יחסי של כסף, או — מחסור בכסף, וכו'. כל אלה עלולים היו לגלות את היהודי, כפי שקרה באמת פעמים רבות.

אפילו חלום עשוי היה לגלות את סודו של היהודי. נכה יהודי, קיטע ברגלו האחת, שמראהו היה כמראה נכה־מלחמה פולני נכבד, בעל שער מכסיף, שפם ארוך ועינים כחולות, מלמל פעם מספר מלים ביידיש מתוך שינה, בנוסעו ברכבת. חבריו לנסיעה הסגירוהו בידי המשטרה הגרמנית בתחנה הקרובה. הואיל ותעודותיו נראות היו בסדר גמור, נבדק בגופו — ונורה מאחורי התחנה.

מלבד פגישות שבמקרה, כגון היתקלות באנשים אשר ידעו את זהותו האמיתית של היהודי ועשויים היו להסיר את מסווהו בשגגה, ארבו לו בכל מקום מאות סחטנים ומומחים לרחרח יהודים ממרחק. הם היו עוסקים בחיפוש שיטות חדשות ללכוד בפח את קרבנם. הם נהגו, למשל, לפרסם מודעה על השכרת חדר, בהיותם בטוחים שרוב המעוניינים יהיו יהודים מחוסרי קורת־גג; הם היו מפתים ילדים יהודיים להתקרב אל „לקוחות" משוערים, לוחשים באוזניהם מספר מלים ביידיש ועוקבים אחרי תגובת הקרבן בעיניים מנוסות. אין פלא, אפוא, שהרבה יהודים היו חוזרים אל הגיטו בהתמוטט עצביהם או כשאזל כספם. את חיי היהודי בצד ה„ארי" אפשר לסכם במלה אחת ויחידה — פ ח ד.

ילדים יהודיים שהיו עם משפחותיהם וידידיהם, צפויים היו לאותן הסכנות שארבו

לגדולים. ילדים גלמודים, עם כל כמיהתם העמוקה לחסות ותמימותם הילדותית, נאלצו ללמוד את הדרך הקשה של התכחשות ליהדותם. והם למדו אותה במהירות.

להתחבא באופן בודד היה בדרך כלל פחות מסובך מאשר להתחבא בקבוצות. אף על פי כן סירבו יהודים רבים להיפרד מקרוביהם ומידידיהם מתוך פחד לעמוד לבדם פנים אל פנים מול סכנות החיים בצד ה„ארי". מובן שזה היה נכון במיוחד לגבי ילדים.

גיזלא מ. (היום רקדנית באופירה הישראלית) היתה רק בת חמש כאשר הוריה המיואשים החליטו לשלוח אותה ואת אחיה בן השמונה לצד ה„ארי". גיזלא סירבה ללכת. היא התרפקה ביאוש על אמה, נאחזה בשמלתה, תפסה בידיה וכיסתה אותן בנשיקות אין סוף. משהוצאה הפעוטה מהחדר, אחזה בידית הדלת ונשקה אותה בלהט, כשם שנשקה את אמא לפני כן. ידית הדלת היתה בשבילה סמל של בית.

מטא ורובל היתה בת שתים־עשרה כאשר במבוכת הבהלה של „אקציית" לילה הפרידוה מעל הוריה ואחיה בשדה. „נשארתי לבדי בעולם בחשכת הליל" — מספרת מטא — „לא ידעתי לאן ללכת... זחלתי לשיחים ונשארתי שם בנשימה עצורה... לפתע פתחו ביריות. אשה ותינוק בזרועותיה נרצחו לא רחוק ממני. אחוזת פחד ומצוקה חשבתי: ,אלוהים יודע אם אמי עודנה בחיים. אינני יודעת לאן ללכת... ככל שאפנה רק יריות וצווחות... אין לי כל אוכל... ואין אל מי להגיד מלה אחת'..."

הוריה וארבעה משישת אחיה נרצחו. מטא התחבאה עם אחד האחים הנותרים, והיא נשארה בחיים בדרך נס. כשהיתה שוב לבדה בין השיחים, הגתה נכאים: „אחי איננו עוד בחיים... אמי איננה עוד בחיים ואבי וארבעת אחי הגדולים אף הם מתו. בשביל מי עלי לחיות? אין דבר לאכול... למה לי להישאר לבדי בקור כזה בין השיחים? אלך ואמסור את עצמי לגרמנים..."

ילדים, אשר הסתתרו יחד עם הוריהם ועם קרוביהם, הצליחו לשמור על בריאותם הגופנית והנפשית זמן ממושך יותר מאשר ילדים שנשארו גלמודים. הם פיתחו חוש מעשי נפלא וכושר הסתכלות והכרעה מהירה. חושיהם נתחדדו וכוח עמידתם הנפשית היה ממש בבחינת נס.

הבעיה העיקרית אשר עמדה בפני הורים שהסתתרו עם ילדיהם בצד ה„ארי", היתה כיצד לשמור על חיי הילדים ועל חייהם הם. ילדים שהיו משרכים דרכיהם עם משפחותיהם על פני כפרים וערים, ישנים ביערים ובשדות, פושטים יד לפת לחם וכו' היו עסוקים כל הזמן, כל רגע של חייהם הנתונים בסכנה. אבל הורים שהיו מסתתרים עם ילדיהם במקלטים קבועים יותר, עמדו בפני בעיה נוספת — איך להעסיק את הילדים לטובתם הם ולטובת כל הקשורים עמהם.

### 2) חיי נדודים

קטעים מתוך אוטוביוגראפיות של נער ונערה בגיל שלוש־עשרה כתובות במחנה עקורים, מתארים חיי נדודים בצל המוות בצד ה„ארי". הילדה לאה ק. מספרת את קורותיה בקווים דראמאטיים כוללים, ואילו הנער הנוטה לפרטות ויחד עם זה מחונן בתפיסה הגיונית

של התמונה השלמה, מגולל תמונה ריאלית של חיי הנדודים שלו ושל משפחתו ומתאר את מלחמת הקיום שלהם.

הנה מה שלאה מספרת:

„מאותו יום מתחיל נסיוננו האמיתי. כל יום שחלף היה גדוש ניסים. התגוררנו בבית־החולים ההוא, ואחרי כן עברנו לגיטו אחר. שוב נדחפנו לקראת הבורות כדי להיות נורים — ונמלטנו. באנו לבית ידיד אבא, לא־יהודי. הוא החזיק אותנו במשך חודשים מספר. משנאלץ לברוח, כדי להציל את חייו, ברחנו גם אנו.

„אמי היתה בהירת שיער, בעלת מראה פנים „ארי" ודיברה פולנית טובה... איש לא חשד בנו כי יהודים אנחנו. עברנו מכפר אחד לשני. אמא היתה עושה סודרים וגרביים ופושטת יד לנדבה.

„היינו מתקרבים לקו החזית. אף פעם לא פגשנו יהודי, אף פעם לא שמענו עליהם. לעתים קרובות, בלילה קר, אי־שם ביערות, רעבה ורועדת מקור, נלחצתי אל אמא וביקשתיה: „אמא, אני מפחדת, דברי אלי, ספרי לי, כיצד תביאי אותי לארץ (ישראל)". ואמא היתה מספרת לי כיצד העולם כולו יקדם בברכה את שרידי היהודים, ואנו ניסע לישראל, ואני אלמד עברית יחד עם ילדים יהודיים אחרים.

„מדי יום ביומו קשתה עלינו השוטטות בסביבה, עלולים היינו ליפול בידי הגרמנים בכל רגע. לפיכך נאלצנו להסתתר במשך היום. אך אז לא היה לנו מה לאכול. אמא היתה חלשה מאוד. היא לא האמינה שאנו נישאר בחיים. היא התחננה בפני: 'לאה'לי, הבה נלך אל האגם ונטביע את עצמנו. נשים קץ לעינויינו'. בכיתי והתחננתי אליה: 'התגברי, אמא, עשי זאת למעני, אינני רוצה למות. תראי כי נתגבר על כל אלה, לא אומר לך שוב שאני רעבה, אך אל תקחיני אל האגם'..."

סיפורו של יצחק סורוביץ' (קטעים מהאוטוביוגראפיה שלו צוטטו בפרק קודם):

„נמלטנו אל היערות (בעיצומה של „אקציית" לילה) אני, דודתי ואחותי... תעינו בדרך ובמשך שלושה ימים נדדנו מסביב לגיטו בערפל סמיך, ללא מזון. אך מי חשב על מזון? הרי הורגלנו לרעוב. באותו זמן לא שמענו על אמא. נקלענו לביצות כאלה שלא ידענו כיצד להיחלץ מהן. כששמענו נביחת כלבים, הלכנו בעקבות קולם. כמעט עירומים היינו ורגלינו היו נפוחות מקור... כאשר יצאנו מהביצות באנו אל איכר... הוא פחד מלהושיט לנו עזרה; הוא נתן לנו קצת סמרטוטים קרועים, פת לחם וציווה עלינו ללכת הלאה...

„אחרי כן באנו לאיכר אחר ושאלנו אותו, אם ראה אשה עם תינוק, אך הוא השיב בשלילה. ביקשנוהו שיתן לנו ללון. אך הוא פחד להחזיק אותנו בביתו ואמר לנו ללכת אל החורשה שלו ולהסתתר בערימת השחת. הלילה היה קר והשחת חימם אותנו.

„בלילה באה אישה ותינוק אל אותו האיכר ושאלה אותו אם ראה יהודים שנמלטו מהגיטו... כאשר היא ראתה אותנו, צעקה: יצחק, ליובה! ידענו שזוהי אמא...

„...וכך החלו נדודינו מאיכר אחד אל השני. הלכנו בלילות, ביום נשארנו סמוכים ליערות, לבל יראה אותנו איש. היינו — כפי שאומרים — כנחש המגיח ממאורתו (בלילה) ויוצא אלי דרך... היינו מהלכים ללא מזון כלשהו. רק בלילה היינו יוצאים לבקש נדבות

על־ידי נקישה בחלונות. היינו מחטטים בערימות אשפה כדי למצוא מזון, ככלבים משוטטים. כאשר איכר לא רצה לתת לנו מאומה, היה גוער בנו: 'הסתלקו מכאן, ולא, אקרא למשטרה'.

„היינו לבד ביערות, ללא איש שיבעיר לנו אש. נאלצנו לבקע גזרי עץ במו ידינו ולהבעיר קצת אש. השגת מזון מהאיכרים נעשתה קשה מדי יום ביומו. הגרמנים הכריזו, כי מי שיעזור ליהודים במתן בגדים או מזון, יוצא להורג יחד עם משפחתו ונכסיו יישרפו. האיכרים היו אחוזי פחד וכשיהודי בא אליהם לבקש לחם גרשוהו מעל פניהם ככלב. הגענו לאפיסת כוח כזו שבקושי יכולנו ללכת. חיינו ביערות ואכלנו גרגרים...

„...שלג החל לרדת, החורף התקרב. היינו עירומים ויחפים. אך לאכול או לרעוב — זה לא היה חשוב כלל וכלל. מה שהדאיג אותנו היה, שלא יכולנו להישאר עוד ביערות. לא היה איש עמנו: עלולים היינו למות מקור.

„...שמענו על איכר אשר ידע את מקום מחבואם של כמה יהודים. הלכנו אליו כל ערב והפצרנו בו שיראה לנו את מקום מחבואם. אך הוא בשלו: 'מה טעם במחבוא, העולם איננו עולם יותר. מקומכם הוא בקרקע הנהר'. בשמענו את דבריו, חשבנו בלבנו: הצדק אתו. אך תמיד מהבהב ניצוץ של תקווה בלב אדם („האדם" היה אז בן שבע). אין אדם נוטה לקפד את חייו. חיזרנו אחריו כל כך הרבה עד שלבסוף הראה לנו איפה נמצאים היהודים.

„כאשר מצאנו את היהודים ידענו חיים אמיתיים מה הם. היו להם קליפות של תפוחי אדמה, וקדרות. נתמלאנו התפעלות, באמת. בכל עת נדודינו לא ראינו קדרות. בהיותנו עם היהודים האלה, הרגשנו מה טעם מאכלים מבושלים. כשהיינו לבדנו, לא טעמנו מאכל מבושל כלשהו, והנה הם פה מבשלים, אופים תפוחי אדמה, וכו'...

„אותו חורף היה קר מאוד. כל היהודים האלה הצטרפו אל הפרטיזאנים, אך עלינו היה להישאר לבד, כי היינו ילדים קטנים.

„פעם נקלענו אל כומר באפטיסטי בשם יעקוב וביקשנו ממנו שיתן לנו להישאר ביערו. הוא לא יכול לסרב לנו כי היה בעל לב טוב. לקח אפוא גרזן והלך אתנו היערה. הוא עשה בשבילנו מעין בונקר... בו נשארנו עד אשר ירד השלג הגדול. אז שוב הלכנו אליו. כאשר יעקוב ראה אותנו, התחיל רועד מפחד, אך אמר: 'בסדר גמור. בלאו הכי כולנו ניהרג. בואו אפוא פנימה, כשתגיע שעתנו, נסבול יחד'. לא ידענו כיצד להודות לו. מתוך שמחה רבה נפלנו לרגליו ונשקנו אותן. נתן לנו מיד עבודה, וככה לא התבטלנו והרווחנו את לחמנו..."

ישראל מ. מעיר בוצ'אץ', מתאר בעדותו המוקלטת כמה אספקטים אחרים מהחיים בצד ה„ארי". הוא משקיף אחורנית על חייו תחת הנאצים. גישתו היא פחות רגשנית, אם כי יש בה מהרעננות והתמימות הילדותית.

ישראל, הוריו ואחיו הגדול ברחו מהגיטו, כאשר ישראל היה בן שבע, המשפחה נחלקה... אבא ילקח עמו את הילד הקשיש ושניהם עבדו בבתי איכרים בתפירת מעילים מעור כבשים. אמא נדדה עם ישראל.

„שוטטנו על פני כפרים. אנשים צעירים וחסונים הצטרפו אל הפארטיזנים, אך מאתנו נבצר הדבר. הנדודים בלי מטרה היו איומים. נדדנו מכפר לכפר, מבית אל בית. רוב הזמן נשארנו בקרבת הכפר וויצ׳יחובקה. אנשים טובים גרו שם. היו מזהירים אותנו בהתקרב הגרמנים. בקיץ רווח לנו במקצת. היינו יושבים בשדה התירס ופולים את בגדינו. בחשכת הליל הייתי הולך אל הכפר לבקש לחם ולמלא את הבקבוק מי גשם, בהם שרצו צפרדעים קטנים. מחמת החושך לא יכולתי לראות בבהירות.

„נשארנו בתוך התירס ימים ולילות, בימי גשם כבימים בהירים, מבלי דעת איזה יום הוא. היה מחבוא אחר בשדה סמוך לכפר — שיחים עבותים בגובה של בית, ובפנים — מקום חלול. היינו מתחבאים גם שם, ולא רק אנחנו אלא גם משפחות אחרות. הוסכם בינינו על אותות מיוחדים כאשר המחבוא היה תפוס. אך קללת מגיפה איומה רבצה על מחבוא זה — מגיפת הכינים. ראינו אותן זוחלות על הענפים ושורצות על פני האדמה. דרכנו עליהן כמו שדורך על שטיח.

„בגדי נקרעו לחלוטין, ואמא תפרה לי מכנסיים משק של יוטה. האיכרים נתנו לי נעליים עם סוליות עץ וחותלות־קש. לא היו לי גרביים והקש שרט את רגלי היחפות. בקיץ הלכתי יחף, אך בחורף נבצר ממני הדבר. פעם הצליחה אמא לשכנע איכר שיקחני לעבודה. אמא עזרה בבית ואני רעיתי את הבהמות. הייתי יחף והיה עלי לרוץ על פני גבעולי תבואה וחשתי כאילו דורך אני על מסמרים. חזרתי כשרגלי מכוסות שריטות ופצעים קלים ולא יכולתי ללכת כלל. האיכר נתן לי עבודה אחרת — לתלוש גרגרי תירס לזריעה. עשיתי זאת בדרך חביטת אשבולי התירס זה בזה. לא הסכנתי גם לעבודה זו וידי כוסו שריטות ופצעים.

„האיכר נתן לנו מזון והתיר לנו לישון באמבר שלו. היינו מאוד מאושרים. ידענו פירושה של שינה על אדמה בשדה. היתה לנו שמיכה אחת בלבד ולא ידענו כיצד לנהוג: להתכסות בה או לשים אותה תחתינו. לא פעם היינו ישנים כשמטרות זעף יורדים עלינו ואף שמחנו על כך, בהיותנו בטוחים שלא ירדפו אחרינו. המגורים במקום זה נראו בעינינו כחסד מהשמים.

„לא תמיד יצאנו משדה התירס מרצוננו. היה שם נעים, מלבד בימים גשומים ובלילות. אך היה עלינו לצאת משם לא רק בגלל הגרמנים אלא גם משום שהאיכרים רדפו אחרינו. רמסנו את התירס שלהם — היבול אשר לו ציפו. פעם בשכבנו, אני ואמא, בשדה התירס, שמענו צעדים ואנשים מדברים אוקראינית. חרדה גדולה אחזה אותנו... היינו בטוחים כי הגיע הקץ. התכסינו בשמיכה ונשארנו דוממים. האנשים התקרבו וצווחו: „יהודים, לצאת!" עשינו את עצמנו כחרשים. אז צעקו בקול חזק יותר: „אנחנו מוכרחים להרוג אתכם". אז קפצנו על רגלינו והתחננו בפניהם שלא יפגעו בנו, כי קץ יסורינו קרוב כל כך. איכר אחד אמר, כי ימסור אותנו לגרמנים, איכר שני הוסיף כי יהרגו אותנו. רק אחד אמר: „הרפו מהם, האינכם רואים כי זו אשה מסכנה עם תינוק". דברים אלה עשו רושם. הם ציוו עלינו לעזוב את הכפר תוך שתי שעות.

„...מצאנו איכר עני בן שמונים. אלמן היה ולא היה לו מה לאכול. הסכים להרשות לנו לגור אצלו בתנאי שנאכיל אותו. נשארנו בביקתה שלו, מוסתרים מאחורי תנור גדול.

אי אפשר היה לשבת שם וגם לא להרים את הראש. אפשר היה רק לשכב פרקדן. הוא היה מאושר מאוד, כי זה זמן רב שלא בא אוכל מבושל אל פיו. את המזון סיפק אבא.

„לא נשארנו זמן רב עם הישיש. ידענו כי לא ירשה לנו לגור אצלו, אם אבא יפסיק להביא לו מזון, זאת ועוד. היה זה כפר אוקראיני וברור היה לנו, שאם יתפשו אותנו, אחד דיננו — ליהרג. עברנו לכפר פולני־אוקראיני.

„בינתיים הגיע שוב הקיץ והחלטנו להסתתר בתירס עד החורף. ושוב נאלצתי לצאת כל ערב לבקש לחם ולמלא את הבקבוק מים. לפעמים היה עלי לצאת בגשם ובסער. לא פחדתי. להיפך. האור היה לי לעזור, כי בליל חושך התקשיתי במציאת הדרך חזרה. חיכיתי לברק אשר יאיר לי את השביל. הייתי רץ מספר צעדים ושוב ציפיתי לברק. אמא חיכתה לי תמיד בתפילה לבל יאונה לי כל רע.

„כאלה היו חיינו בקיץ. בחורף הוכפלו דאגותינו. סבלנו מרעב ומקור. לא היה תירס גבוה שיסתיר אותנו... הבתים בכפרים הפולניים היו מרוחקים. שוטטנו בגשם ושקענו בשלג עד לברכיים. לפעמים נשארו נעלינו דבוקות לשלג, יש ובכלל לא יכולתי לצאת מן השלג, כי אחרי ככלות הכל מה היתה אז קומתי ?

„רטובים עד לשד עצמותינו ומכוסי שלג באנו פעם לבית איכר שבקצה הכפר. כל הזמן לא פשטנו את בגדינו, כי לא היה לנו במה להחליפם. הרבינו כל כך להתחנן בפני האיכר עד שהסכים לבסוף שנישאר בבקתתו. הוא הגיש לנו תפוחי־אדמה וחלב חמוץ. מאושרים היינו להימצא תחת קורת־גג, כשבחוץ משתוללת סופת־שלג. התכסינו בקש ונרדמנו. כשהקצנו בבוקר, לא יכולתי להניע אבר. בלילה היתה קרה ובגדי הרטובים נקפאו עלי...

„ככה נדדנו ימים ולילות... עד שאמא מצאה איכר טוב. את אשר עשה בשבילנו איכר זה לא יאומן כי יסופר. אינני יודע, אם עשה מה שעשה על מנת לקבל פרס או לא. הוא נתן לנו להישאר ברפת יחד עם הבהמות. היה זה חסד מן השמים. היה לנו חם שם, היה לנו מזון, והיינו ישנים מכוסים בשמיכה תחת גג... יכולנו להתנועע ברפת בצורה חפשית...”

הרבה ילדים, כיצחק וכישראל, אשר חיו חיי נודדים, הסתגלו לתנאיהם עד כדי כך שראו בנוחיות הפשוטה ביותר של חיי יום־יום, כגון אכילת מזון מבושל, לינה תחת גג, מלבושים נקיים וחמים — כעין פלא ותענוג מיוחד.

### 3) החיים במקלטים קבועים יותר

גבריאל ה. מעיר צ'נסטוחוב (היום מורה לגיאוגרפיה בישראל) והוריו נשארו בחיים עם תום המלחמה. הם התחבאו בדירה שהושכרה להם על־ידי פולני. והנה סיפורו:

„...ואצלאוו מילובסקי בא להוביל אותנו למקום מגורינו. זה היה ב־13 באפריל 1943. מילובסקי היה פולני גבה־קומה ומגושם. הוא שכר דירה קטנה — חדר ומטבח — בבית ישן מאוד שבמרכז צ'נסטוחוב, מאחורי מזבלה... הדירה היתה בקומת הקרקע ונשקפה אל

החצר. מתחת לריצפה, באמצע החדר, היה מרתף, כנהוג בבתי האיכרים. מילובסקי חילק את המרתף לשני חלקים. בחלק הקידמי החזיק פחם ומאחורי הפחם היה מחבואנו. את רוב זמננו בילינו בדירה וירדנו למרתף רק בשעות סכנה.

„יכולנו להישאר בצד המזרחי של המרתף. אחרי כן נוכחנו, כי אם אנו נשארים בו במשך זמן ממושך, הופך האוויר שבו מחניק עד ללא נשוא.

„הבעיה העיקרית היתה בכך, שקשה היה להתנועע בצורה חפשית, מבלי שיראו וישמעו אותנו. התגוררנו במקום זה כמעט שתי שנים. במשך כל הזמן הזה לא ראיתי כמעט קורטוב של שמים... המזבלה הענקית היתה למחסום בפני העין. גם את השמש לא ראיתי ולא יכולתי לשחק בחצר...

„המצאתי לעצמי כל מיני משחקים והייתי, כביכול, בכל מיני מקומות. הלכתי סחור־סחור בפינה שליד החלון, המקום היחידי שם אפשר היה להתנועע. הורי החלו לדאוג לבריאותי. הם ראו אותי מסתובב ומתפתל במשך שעות בפינה קטנה זו, כשאני מעמיד פנים כאילו אני בגן, בשדה או באיזה מקום אחר.

„הבעיה כיצד להחזיק אותי עסוק, היתה חמורה... בתחילה ניסתה אמי ללמדני... אך אחרי כן נעשה המצב כל כך מתוח, שלהורי לא היתה הסבלנות להמשיך בשיעורים. הבעיה נפתרה במידה ניכרת על־ידי כך, שמצאתי ספר מאת ה. שינקוויץ׳ „במדבר וביער". קראתי את הספר פעמים אין ספור. כמעט ידעתי אותו בעל־פה... הספר היה לי למזון רוחני במשך חודשים ארוכים... הייתי מאושר, שכן היה זה ספר טוב והולם את גילי. הספר היה לי לעזר רב. הייתי בחברת שני הילדים (גיבורי הספר) באפריקה, בעיצומן של ההרפתקאות והפורענות שפקדו אותם.

„הרעב היה הכוח המכריע בחיינו. כל הזמן אכלנו רק לחם ותפוחי אדמה. ואף זאת לא בכמות מספקת. אבא אכל פחות מכולנו. מרבית המזון היתה שמורה בשבילי. הוא הסתפק בפת לחם אחת ליום, ואולי בפחות מזה. הורי כפו על עצמם תענית אחת לשבוע, אחרי כן עברו לצום פעמיים בשבוע...

„יום־הולדתי העשירי התקרב ולחגיגת יום זה חסכה אמא כמה תפוחי־אדמה ושומן. אותו יום עשתה אמא לביבות וקיבלתי מנה שווה למספר שנותי. היה זה רב מדי בשביל ילד בגילי, אך הייתי רעב מאוד. המטרה למלא את קיבתי הושגה. היה זה היום היחידי שלא הייתי רעב. אני זוכר את אבא מתעלף מרעב ביום הולדתו הארבעים. דומני שזה היה בדיוק חודש לפני יום־הולדתי העשירי".

את התנאים בהם חי גבריאל אפשר לראות כתנאי מותרות בהשוואה עם התנאים והמקומות בהם היו משפחות יהודיות אחרות תחת הכיבוש הנאצי. פייגל פלטל־מיינדזיז׳צקא, מתארת בספרה ביידיש, „משני עברי החומה", את המחבוא ואת החיים בו של אם יהודיה ובנה בן העשר, בזו הלשון:

„ראיתי יד מושטת בין ענפי עץ יבשים ושמעתי קול חנוק האומר בשקט: „בוקר טוב". אותה יד החלה להזיז הצידה את ענפי העץ. פתחתי קצת את דלת האמבר ואז

הבחנתי באשה וילד קטן שכובים על הריצפה הריקה, צמודים אחד לשני, כדי לתפוס שטח קטן ככל האפשר. סביבם מעליהם היו קורות עץ וענפים יבשים. ניכר היה כי אי־אפשר לעשות שם תנועה קלה ביותר.

„פני האם ובנה היו שחורים, עור ועצמות, והעינים שקועות עמוק בחוריהן, השפתיים סדוקות, השער דהה ומלא נסורת. הדבר הראשון שביקשו ממני היה לסגור את הדלת, עיניהם לא יכלו לשאת את האור.

ככה חיו השניים, סגורים ושכובים למחצה. במצב כזה היו אוכלים, ישנים ומשגיחים על הדלת. פעמיים ביום הגישה להם בעלת הבית אוכל. היא היתה זהירה מאוד ומעולם לא נתנה להם לעזוב את הצריף... הם לא התרחצו, לא החליפו את בגדיהם ולא את לבניהם.

לפעמים בלילה, כאשר האם לא יכלה לשאת יותר את העינויים ופחדה פן ישותקו איבריה, היתה מסתכנת וזוחלת החוצה כדי ליישר את גופה. לא יכלה להניע את זרועה הימנית, זה גרם לה כאב רב...

„הילד הביט אלי מאחורי ערימת העצים בעיניים יוקדות. עיני האם זלגו דמעות. היא כשלעצמה היתה יכולה להסתפק במעט שבמעט, אך חרדה לגורל ילדה. הילד הצטנן קשות לפני זמן קצר. הוא השתעל. במשך ימים ספורים החזיקה אותו האם בזרועותיה יום וליל. היה לו חום רב. האם לא ידעה מה שמדאיג אותה יותר — השיעול העשוי לגלות את סוד מחבואם, או החום אשר עלול היה לגרום לו מוות. בעלת־הבית פחדה לקחת את הילד לחדרה ולהשכיבו במיטה.

צריך היה להיזהר מאוד שלא לעורר את רוגזה של בעלת הבית. הכול היה תלוי בה. פעם אחת נפוצו שמועות, אשר הבהילו את בעלת הבית, ואז ציוותה עליהם לעזוב את המקום. האם ובנה נדדו במשך ימים אחדים בקרבת היער. לא היה להם לאן ללכת. האם ביקשה איפוא מבעלת הבית שתיקח אותם בחזרה..."

בין הילדים שנשארו בחיים היו רבים אשר איבדו את כושר ההליכה, רבים הוכו בעיוורון ורבים אשר נפגעו במחלות עור, בשחפת ובמחלות כרוניות אחרות, כתוצאה מחיים במשך חודשים במקומות שאין לתארם ובתנאים בלתי אנושיים ביותר. הנזק אשר נגרם להתפתחותם הנפשית אחרי פרק זמן ממושך, היה לאין שיעור. אך כושר ההבראה של הילדים, בגוף וברוח, היה להפליא.

# ציעשינוב - מיין צווייטע היים

**(זכרונות און אפשאצונגען)**

**פון מרדכי קויפמאן**



### דאס מזרח גאליצישע יידנטום — א זייל פון יידישן פאלק

דער יידישער געלערנטער, פראפ. א.א. ראבאק, וויקלט אויס, אין איינע פון זיינע ביכער, א וואונדערבארן געדאנק וועגן דער אומשטערבלעכקייט פון דער יידישער אומה. ער זאגט:

„א עטנישער כלל שטארבט זעלטן, א פאָלק, א שפּראַך, א קולטור איז נישט בבחינת יחיד. ביי א יחיד ווייסן מיר, אז עס איז פאראן א הארץ, א קאָפּ, וואס אויב ס׳שטעלט זיך אפּ זייער פונקציאָנירונג, איז דער מענטש א בר־מינן. א פאלק איז אבער ווי א פלאנץ, וואס אויב ס׳פאלן אוועק געוויסע טיילן, וואַקסן אויס אנדערע און ווי באלד דער ווארצל איז נאכנישט פארוויאנעט, קאן זיך די פלאנץ צעבליען אליץ ווייטער און ווייטער".

איך קאן נישט אנהייבן שרייבן מיינע פראגמענטארישע זכרונות פון דעם יידישן ציעשאנאוו, א שטאט וואס איך באטראכט מיט רעכט פאר מיין צווייטע היים, כל זמן, איך גיב נישט אפּ כבוד דאס מזרח־גאליצישע יידנטום, וואס האט אזוי גלאררייך געלעבט און איז אזוי טראגיש אומגעקומען דורך די ידי עשו, ארייגעפלאכטענע אין דער רציחה־סטיכיע פון נאצים, אוקראינער או פאָלאַקן, ימח שמם וזכרם.

דאס יידישע ציעשינאָוו איז נאר געווען א קליינער טייל, אבער זיין יידישקייט און ציוניזם איז פארבליבן געשיכטליך, א גרויסער באשטאנדטייל פון דעם דאָזיקן יידנטום, וואס האט פון זיך ארויסגעגעבן חכמים און גאונים, לומדים און געלערנטע, דענקער און סופרים, פראָזאיקער און פּאָעטן, וועמעס געדאנקען און אידעען, שטאנדפונקטן און גייסטיקע

מחשבות, האבן באריכערט דאס יידישע וועלט־פאלק מיט נצחיות־יסודות, מיט רעאלע ציון שטרעבונגען, מיט קאנקרעטע פיאנערישע רעאליזאציעס אין ארץ ישראל.

און ווייל דאס „ספר ציעשינאוו" צינדט אן מיט דער הילף פון אותיות פון העברעאישן אלף־בית, מיט דער פאַרמיטלונג פון יזכור־שורות, דעם נר תמיד צום הייליקן אנדענק פון אן אומגעקומענע יידישע עדה, פון א חרב־געוואָרענע יידישע קהילה, זאלן אויך מיינע באשיידענע ווערטער אין דעם ארטיקל זיין א צושטייער צום יזכור און יאָרצייט ליכט, וואָס די שארית בני ציעשינאָוו צינדן אן אין זייערע הערצער, אין זייערע מוחות, כדי נישט צו פארגעסן די טייערע יידן פון מזרח גאַליציע בכלל און פון קהילת ציעשינאָוו בפרט.



דאָס גייסטיק־זאפטיקע יידנטום פון מזרח גאַליציע איז געווען א שטארקער יסוד, אויף וועלכן ס'האט זיך אנגעשפארט יארהונדערטער דאס יידישע וועלט־פאלק. במשך פון א סך הונדערטער יארן האבן יידישע קהילות אין גאליציע מיט זיך פארגעשטעלט א האמעגענע, אינערלעך־צעמענטירטע, שעפעריש־ארגאניזאציאנעלע קראפט פון אזא פארנעם, וואס איז געווען בכוח צוזאמענצוהאלטן אלע טיילן און שיכטן פון דעם דאָזיקן תורה־טרייעם און קולטורעל־איבערגעגעבענעם יידנטום, כ'בין מיך מתכוון, סיי אין זיין אמונה אין דת, ווי אין זיין וועלטלעכן פארנעם.

די יידישע קהילות האבן געשפייזט די גאליצישע יידן מיט די לעבנסוויכטיקע דערנערונגס שפייזן פון די אומאויסשעפלעכע תורה־קוואלן, ווי פון די ציוניסטישע גאולה־אידעאלן. דאס קול פון תורה און חינוך, רייד פון חכמה, האט זיך געלאזט הערן איבער דער לענג און ברייט פון יידישן מזרח גאליציע. די חדרים און „ישיבות", די קלויזן און חסידישע „שטיבלעך", די צדיקישע הויפן און די בעלזער, צאנזער, סאדיגורער, אדער „טשארטקעווער" רבנישע דינאסטיעס, אלץ צוזאמען איז געווען א ריזיקע, און גראנדיעז־פייערלעכע יידיש־רעליגיעזע מאניפעסטאציע, א חסידיש־התלהבות'דיקע יידישקייט־פעסטונג, אין וועלכער עס האבן זיך אנגעשטויסן אלערליי אויסערלעכע שונאי ישראל עלעמענטן, ווי אינערלעכע אסימילאנטן און יידישע פאלקס־בוגדים, אבער אלע זיינען צעשמעטערט און פארניכטעט געווארן אין די פעלזנפעסטע מויערן פון אזא פארפאנצערט מיט יידישן וויסן, תורה ומסורה — יידנטום, אויף וועלכע עס האבן פערמאנענט געוואכט די גאליצישע שומרי־ישראל...



ביז צום אויסברוך פון דער 2־טער וועלט מלחמה האט דאָס גאליציאנער יידנטום אויסגעזען

ווי א פילפארביקער רעגנבויגן, וועמעס שימערינדיקע קאלירן פון גייסט און קולטור, פון תורה און חסידיזם, פון אידעען און פרינציפן, פון ציוניסטישע אידעען־דיפערענציאציע ריכטונגען און חסידישע דינאסטיע־שיטות, האבן געלויכטן איבערן יידישן וועלט הימל מיט אלע ליכטער, וועלכע האבן ווי סיני־בליצן אנגעוויזן אויף אלע שטעגן און וועגן פונם אלזייטיקן יידישן לעבן אין מזרח גאליציע.

מיטן אריינמארש פון די סאָוויעטישע ארמייען פריער און מיטן אנקומען פון די היטלעריסטישע מערדער־הארדעס שפעטער, איז איבערגעריסן געווארן דאס לעבן פון אונדזערע ברידער און שוועסטער, האט אויפגעהערט דער קלאנג און אפקלאנג פון תורה קולות, איז צעשטערט געווארן דער יידישער גייסט צוזאמען מיט זיינע דת און גייסט־טרעגער און עס זיינען פארשאטן געווארן די אפפרישנדיקע קוואלן, די ציוניסטישע באוועגונגען זיינען אומגעקומען צוזאמען מיט די „רבנישע הויפן”, זיינען חרב ונחרב געוואָרן, די קהילות און קהילה־אנגעהעריקע־צעשטערט און גרויזאם פארניכטעט, די קלויזן, בתי כנסיות און בתי מדרשים זיינען אפגעווישט געווארן פונם פנים פון דער ערד און כמעט דאס גאנצע גאליצישע יידנטום איז אומגעקומען אויף קידוש השם צוזאמען מיט אלע אנדערע מיליאָנען יידן, קדושים וטהורים, דורך אלערליי מיתות משונות. א רציחה, אויף וועלכער ס׳וועט קיינמאָל נישט זיין ביי יידן קיין סליחה ומחילה, דאס בלוט פון אומשולדיקע יידן שרייט ארויס פון טיפענישן, פון די ערד־אויבערפלאכן, יאמערט ארויס פון די פארברענטע אש׳ן אויף אלע פעלדער פונם גאליצישן עמק הבכא, פון אלע גאז־אויוונס, פון קרעמאטאריעס, די מארד פאבריקן פון דער גוי׳אישער וועלט, דורך וועמעס עפענונגען ס׳האבן אין שריפות און דורך גאז־חניקה אויסגעהויכט זייערע טייערע נשמות אונדזערע אומפארגעסלעכע ברידער און שוועסטער, זייער לעבעדיק ילעבן איז אויסגערויכערט געווארן און איז דורך שווארצע קוימענס אוועק גלייך צו די הימל־הויכקייטן, אפשר זיינען זיי דערגאנגען צום כסא הכבוד...

אויף די חורבות פון הונדערטער און טויזנטער יידישע קהילות פון גאליציע האבן ברוטאל געטראטן די עשו־פיס אין דער צייט פון אומקום און יידן־אויס־ראטונג, אויך היינט גייען ארום — פראנק און פריי — אויף די דאָזיקע הייליקע פלעצער די בלוט דורשטיקע היענעס בצורת מענטש, אָבער אן א צלם אלוקים, אין דער העסלעכער געשטאלט פון סאדישטישע אוקראינער, פון כוליגאנישע פאָלאקן, פון רוצחישע דייטשן, פון פארדאָרבענע אונגארן און פון היינטיקע נידעריקע און הויכע בעאמטע פון היינטיקן אוקראיניש־סאוועטישן רעזשים.



מיר באוויינען דעם אומקום פון גאליצישן יידנטום, מיר בויגן אונדזערע קעפ אין טיפן טרויער מיט צעפייניקטן צער פאר די קברים, נישט קברים, פאר די הויפנס אש און פאר די נישט פארברענטע ביינער פון הונדערטער טויזנטער אומגעקומענע גאליציאנער יידן. מיר, דער שארית יהודי גליציה, שרייען אויס א נייעם „שפוך חמתך” אויף אזעלכע גויים,

וואס האבן פארוויסט יעקב׳ס געצעלטן, חרב געמאכט אונדזער לעבן און אונטערגעהאקט ביז צום וואָרצל אונדזער בוים, דעם יידיש גאליצישן, מיט כמעט אלע צעצווייגטע צווייגן, איבערלאָזנדיק א פארברענטן שטאם, א פארשניטן יידנטום, אן אומגעהויערן צער ביי די לעבעדיקע.

פון אונדזערע לעפצן וועלן קיינמאָל נישט אראפגיין די טרויער־ווערטער פון איכה:

„הביטו וראו אם יש מכאוב כמכאובי, נער וזקן,
בתולותי ובחורי נפלו בחרב״ (איכה).
„קוקט און זעט, צי איז פאראן נאך אזא ווייטאק,
ווי מיין ווייטאק, יונג און אלט, מיינע טעכטער
און מיינע בחורים זיינען געפאלן פון דער שווערד״.

דער צער פונם יידישן שארית גאליציע איז אריינגעפלאכטן געווארן אין דעם גרויסן ווייטאָק און הארץ־רייסנדיקן טרויער פון דעם גאנצן יידישן וועלט פאלק, וואס באוויינט דעם אומקום און דאס הייסע אש פון זעקס מיליאָן ברידער און שוועסטער, צווישן וועלכע דער יידיש־זאפטיקער שבט גאליציע האט פארנומען א בכבוד׳יקן אויבנאן אין דער מזרח וואנט פון דער יידישער אומה.

מיט יראת הכבוד דערמאנען מיר — דורך די בלעטער פון דעם ספר ציעשינאוו — דעם הייליקן זכר פון אונדזערע קדושים וטהורים, פון די פארשניטענע יידישע קהילות אין גאליציע, פון דער׳הרג׳טע ברידער און שוועסטער. לנצח וועלן זיי פארבלייבן איינגעקריצט אין אונדזערע מוחות, אין אונדזערע נשמות, פונקט ווי זיי וועלן אזוי בלייבן אין דער געשיכטע פון יידישן פאלק, פון זיין עפאכע־מאכנדיקן אוואנגארד אין ארץ־ישראל פריער, אין דער יידישער מדינה היינט. דאָס גאליציאָנער יידנטום האט שוין פארנומען זיין היסטאָרישן פלאץ אויף דער מזרח־וואנט פון יידישן פאלק.

דאס פרוכטבארע לעבן פון דעם יידישן קיבוץ אין גאליציע ווי זיין טראגישער אומקום וועלן דינען ווי א דווערנדיקער סטימול פארן שארית יהודי גאליציה אין דער גארער וועלט, בפרט אין מדינת ישראל, ווי ווינציק מיר זאלן נישט זיין, ממשיך צו זיין גייסטיק־קולטורעל־רוחניות׳דיק לעבן באמונה, בקדושה ובטהרה.

דאס דאזיקע ספר ציעשינאוו איז א דויערנדיקער נר תמיד, אן אייביקער פלאם, וואס וועט נישט פארלאשן, אבער זיינע בלעטער זיינען אויך א קאמפס רוף צו די גאליציאנער יידן בכל תפוצות ישראל, אוודאי צו די ציעשינאוווער בני עיר בכל אתר ואתר, זיי זאלן זיך אומעטום געפינען אין די ערשטע רייען, אויף די פאדערשטע פאזיציעס פון א שווערן געראנגל פארן קיום פון דער יידישער מדינה, ווי פארן גייסטיקן המשך פונם יידישן פאלק.



# זכרונות פון ציון-טעטיקייטן אין ציעשינאָוו

פון מיינע חדשים און יארן, וואס איך האב פארבראכט אין מיין צווייטע היים, ציעשינאָוו, זיינען מיר פארבליבן פרעכטיקע זכרונות, וואס א דאַנק זיי לעב איך איבער יענע גליקליכע צייטן פון גרויסע שטרעבונגען, פון דערהויבענע פליכטן, פון וויכטיקע אויפגאבן, פון שעפערישע אקטיוויטעטן, באגלייט פון דערציערישע ארבעטן און פון טרייע ציוניסטישע רעאליזאציעס צווישן דער יידישער יוגנט אין דער דערמאנטער שטאט, ווי צווישן אלע שיכטן פון דער ארטיקער יידישער באפעלקערונג.

זכרונות, אויב זיי זיינען אינהאלטלעכע און ווערטפולע, בפרט אזעלכע וואס שעפן זייער יניקה פון דורכגעלעבטער פרייד, פון ראנגלענישן פארן אמת פון ערנסטע אידעאלן, בלייבן אויף אייביק איינגעקריצט אין מוח, פארלירן אודאי נישט פון דער איינגראווירטער שיינקייט אין הארצן און זיי פארלאזן קיינמאל נישט דעם זכרונות-אייגנטימער... אפילו אויף איין מינוט פון זיין לעבן. פיל איך מיך טאקע גליקליך פון דעם דערפרייענדיקן פאקט, וואס איך האב במשך פון מיינע טעג און נעכט אין ציעשינאָוו אויפגעזאמלט פרעכטיקע איינדרוקן, אומפארגעסלעכע זכרונות און זיי באהאלטן אין די שענסטע ווינקעלעך פון מיין הארץ, כדי איך זאל דערנאך מיין גאנץ לעבן באקומען פון זיי די גרויסע סאטיספאקציע, אז איך האב עפעס געלייסטעט, אז כ׳האב אויסגעפילט מיינע שעה׳ן מיט געווויסע לייסטונגען פארן ציון-געדאנק, פארן נישט געפעלשטן חינוך-הבנים, דער עיקר, פאר אלץ, וואס איז פארבונדן מיטן יידישן פאלק און זיין שטרעבן צו גאולה.

מיין וויניקייט האט שטענדיק געהאלטן פון דעם פילזאגנדיקן געבאט:

„לעב אזוי איבער דיינע טעג, אז דו זאלסט קענען זאגן, אז איך האב עפעס געטון א גוטע זאך יעדן טאג".

אין מיין צווייטער היים ציעשינאָוו האב איך, אין דער גאנצער צייט פון מיין אויפהאלטן זיך ביי איר, אין אלע טעג, חדשים און יארן, ווען איך האב מיך געפינען אין אירע יידישע ברייט-צעעפנטע ארעמס, סיי אלס לערער והן אלס יוגנט-מדריך, נישט דערמאנענדיק מיינע „התאחדות"ישע און גורדוניה׳-אקטיוויטעטן, ליב באקומען די ארטיקע יידן, די יידישע יוגנטלעכע, אפילו די קעגנער פון ציוניזם, כ׳האב מיטגעלעבט זייערע פריידן, כ׳האב אויך מיטגעפילט זייערע ליידן, מיין דערציערישע ארבעט צווישן עלטערע חברים, יוגנטלעכע און קינדער, האט דעמאלט, אין יענע חושך׳דיקע צייטן פון פוילישן אנטיסעמיטיזם פון איין זייט און יידישער נויט פון דער צווייטער זייט, זיך נישט נאר באזירט אויף דער תורת החינוך אליין, איך האב מיך מתכוון געווען צו דער שבת אחים גם יחד—פרייד, וואס אונדזערע פארזאמלונגען, צוזאמענקונפטן, ציבור׳דיקע אויספלוגען אין וואלד-אריין, האבן גורם געווען צווישן די באטייליקטע. אין אזעלכע שעה׳ן, ווער האט געטראכט פון נויט, פון ענגע וווינונגס-צימערלעך, פון נישט געזעטיקטן הונגער, פון שטוב-עצבות און עלטערן-צער? דאס העברעאישע ליד האט זיך צעטראגן איבער דער לענג און ברייט פון שטעטל, די שיחה וועגן ענדציל פון ציוניזם האט אריינגעיאגט אין הארץ פון יעדן באטייליקטן נייע האפענונגען אויף יחידישער און

קאלעקטיווער יידישער אויסלייזונג, דער זומערדיקער שבת-הימל, אפילו אין דער וואכן, איז געווארן נאך בלויער, נאך שענער ווי ער איז געווען... אויך אין פארוואלקנטע טעג האבן יונגע און עלטערע ציוניסטן פון ציעשינאוו געוויסט, אז אונטער די שווערע, פעך שווארצע וואלקנס, שיינט א ליכטיקע, אווארעמע זון...

איך דערמאן מיך אין א וויכוח, וואס איך האב בשעתו געהאט מיט א לאקאלן בונדיסטישן אנפירער, ציעשינאוו איז געווען איינע פון די געציילטע יידישע שטעטלעך אין מזרח גאליציע, וואס האט פארמאגט אן אקטיווע בונדישע ארגאניזאציע, וועגן ציוניזם. ווען ער האט אין אן איראנישן טאן מיך געפרעגט, צו דער ציוניסטישער אוטאָפּיע-געדאנק וועט אמאל רעאליזירט ווערן? האב איך אים געענטפערט, א סך פריער, בעפאר דער קאָמוניזם מיטן גאַנצן מארקסיסטישן קלאפערגעצייג וועט פארוואנדלט ווערן אין אן אנטיסעמיטישע הארדע קעגן יידישן פאלק, וועט שוין זיין א זעלבסטשטענדיקע יידישע מדינה. ביידע זיינען מיר געשטאנען אנגעשפארט אין דער וואנט פון שמואל טעפער׳ס „דעליקאטעסן" געשעפט און הימל און ערד זיינען געווען עדות פון דעם געלעכטער, וואס מיין דיסקוסיע-אנהייבער האט ארויסגעלאזט, הערנדיק מיין משונה׳דיקן ענטפער...

דער דאזיקער בונדיסט האט אויך פארמאגט אן איבערצייגונג, אז דער סאציאליזם וועט ברענגען די מענטשלעכע און מעגליך, די נאציאָנאַלע גאולה פארן יידישן פאלק אויף די „מעכטיקע פליגל" פון „פרייהייט, גלייכהייט און גערעכטיקייט", ליידער זיינען די דאַזיקע פליגל צעבראכן געווארן פון א מורא׳דיקן שטורעם פון בלוט און פייער איבער גרויסע טיילן פון יידישן פאלק. אויב היטלעריזם האט אונדז געוואלט פארניכטן און טאקע עוקר מן השורש געווען א דריטל פון דער יידישער אומה, סיי פיזיש און סיי גייסטיק, האט דער קאָמוניזם דורכגעפירט איבער דריי מיליאן רוסישע יידן א גייסטיקן גענאָסיד, וואס דאס איז אויך, אין אן אנדערער פארם, א גרויסער בראך און א שווערער אומקום...

נישט איינמאל האב איך געפירט מיט נעגאציע-יידן אזעלכע וויכוחים, נישט שטענדיק זיינען ציוניסטישע ארגומענטן פארשטאנען געווארן, ווייל, וואס מער א ייד האט פארלייקנט זיין צוטרוי צום ציוניזם, אלץ מער האט ער געטיילט זיין נשמה אין צווייען: א גרעסערן טייל פאר דער „ליידנדיקער מענטשהייט", א שטיקל הארץ — פאר די יידישע מאסן, אויך אין ציעשינאוו האבן זיך געפונען יידן, נישט וויכטיק צו זיי האבן מיליטירט אין „בונד", אדער געגלויבט אינם קאָמוניזם, אדער להבדיל אלף הבדלות, אין משיח׳ן פון אמונה-שטאנדפונקט, זיי האבן געהאט זייערע איבערצייגונגען, אייגענע האפענונגען נישט געגלויבט אין אנטוישונגען, פארלייקנט אפן און פריי די ציון-שטרעבונגען. צום גרויסן צער און ווייטיק זיינען זיי אומגעקומען מיט א טויט פון קדושים צוזאמען מיט אלע אנדערע פון ציעשינאוו, ווי פון מזרח גאליציע.

נאָך פון מיין פריעסטער יוגנט, און גאָר יונג בין איך געקומען קיין ציעשינאוו, האב איך פאקויפט דורך ווארט און לערע ציוניסטישע פאנטאזיעס, דאס איז נישט געווען קיין גאנגבארע סחורה אויפן יידישן מארק... ווער ס׳האט געוואלט אויסלאכן דעם מאדנעם פאנטאזיאר, האט דאס זיכער געטאָן מיט א הנאה אין הארץ, ווער ס׳האט נישט געקענט איינהאלטן זיין כעס קעגן ציוניסטישע „בלאָפער", איז אויסגעבראכן אין א סטערילע ווארט-היסטעריע, אבער כ׳בין געווען א מאמין אין דעם נצח ישראל.

נישט דא איז דער פלאַץ צו דערמאַנען, ווי אַזוי איך בין אַראָפּגעבראַכט געוואָרן קיין ציעשינאָוו און ווער פון די לאָקאַלע ציוניסטישע יוגנט עסקנים האָבן דאָס רעאַליזירט, איך בין שוין דעמאָלט געווען אַ באַקאַנטער אָנפירער פון „גורדוניה”, נישט נאָר אין מיין געבוירן שטעטל ניעמיראָוו, נאָר אַלע ראַיאָנען פון ראַווא רוסקאַ און יאַוואָראָוו, איך אין די רייען פון „התאחדות” באַוועגונג האָב איך שוין, מיט דער אָנערקענונג פון צענטראַל קאָמיטעט אין לעמבערג, פאַרנומען מיין פּלאַץ אין דער ציוניסטיש-פּאַרטייאישער טעטיקייט, דער עיקר, ווען איך האָב באַקומען דעם רוף פון ציעשינאָווער חברים צו בלייבן ביי זיי אין שטאָט ווי אַ לערער און אַ יוגנט מדריך, האָב איך דאָס אָנגענומען באַהבה. איך האָב געוויסט, אַז ס'וועט מיר שווער זיין זיך צו שיידן מיט מיין משפּחה, מיט אַזויפיל צענדליקער טרייע חברים, מיט הונדערטער יידישע היימען, וואָס זיינען געווען אַכסניות פון חברים-צוזאַמענקונפטן און גייסטיקע סביבות, אָבער כ'האָב זיך גובר געווען אַ סך שוועריקייטן, בייגעקומען היפשע שטערונגען און בין אָנגעקומען קיין ציעשינאָוו מיט יוגנטלעכן ברען, מיט אַן אומגעצוימטער ציוניסטישער התלהבות, מיט אַן אומבויגזאַמען רצון ממשיך צו זיין מיט דער אויפגאַבע פון פאַרשפּרייטן ציוניסטישן אינהאַלט, וואָס ביי אַנדערע האָט דאָס געהייסן, ציוניסטישע פאַנטאַזיעס...

ציוניסטישע יחידים, ווי ר' שמואל זיינוול טעפּער און משפּחה, איינגעשאַלסן די התאחדות-אָרגאַניזאַציע מיט איר „גורדוניה”, האָבן מיך אויפגענומען מיט ליבע און האַרציקייט, וועמעס גוטן טעם איך פיל נאָך היינט. נאָך עטלעכע אומיטלבאַרע קאָנטאַקטן מיט קרייזן און יוגנט שיכטן האָב איך מיר פאַרדינט דעם צוטרוי פון אַלעמען, כ'בין אַרומגערינגלט געוואָרן פון אַ האַרציקער סביבה, הגם איך בין געווען גאָר יונג, האָב איך דערשפּירט אין מיין האַרץ, אַלע חושים האָבן מיר דאָס באַשטעטיקט, אַז כ'האָב טייערע תלמידים, אַז כ'האָב מיר דערוואָרבן לעבנסלענגלעכע פריינט, אפשר פאַרערער, אָן ספק איז שטאַרק געוואָרן דער קעגנזייטיקער בונד פון נפשי קשורה בנפשותיהם, נישט קוקנדיק אויף עלטער בכלל, אָדער אויף דעם עלטער אונטערשייד צווישן מיר און זיי, דערפאַר איז דער סימן מובהק פון דעם בין אדם לחברו צוזאַמענבונד צווישן אייגענע און נאָנטע, די פאַרבליבענע ליבשאַפט און די האַרציקע חברשאַפט-געפילן, וואָס נישט די צייט און אַודאי נישט די שכחה האָבן איבער זיי נישט געהאַט קיין שליטה.

## זכרונות־עפּיזאָדן

## חינוך און לימוד אין ציעשינאָוו

תיכף נאָך מיין אָנקומען קיין ציעשינאָוו האָב איך מיך איינגעשפּאַנט אין אַ דאָפּלטן עול פון לימוד און חינוך.

פאַר יעדן בר־דעת איז קלאָר דער היפּשער אונטערשייד צווישן לערנען און דערציען. מען קאָן איינעם, אָדער אַ סך אויסלערנען לייענען און שרייבן, אָבער דאָס איז נישט משפּיע אויף געדאַנקען און מחשבות פון די „לערנער”, איינער קאָן האָבן אַ שענערע האַנט-שריפט,

דער צווייטער א מאוסערע, אבער קיין אידעען און עקרים זיינען זיי נישט ביכולת צו באקומען...

ווען כ'בין אין ציעשינאוו געקומען אין אן אומיטלבארער בארירונג מיט דער אומפארגעסלעכער יידישער יוגנט, מיט די — אין מיין הארצן — איינגראווירטע יידישע קינדער, מיט די עלטערע און מיטליאריקע יונגעלייט, האב איך תופס געווען, אז נישט נאר דאס קענען העברעאיש ווי א שפראך איז ביי זיי דער עיקר, שטעלט מיט זיך פאר זייער לעבנסציל, אדער דעם איינציקן שטרעבן, איך האב ווי דורך א עלעקטרישן באריר דערפילט זייער אינערלעכן נשמה־רצון צו באקומען לערעס וועגן אונדזערע ציון אידעאלן, דערוואַרבן העכערע שטרעבונגען, באזיצען זיירדיקע יידיש־עטישע־פרינציפן און ליב האבן א לעבנלאנג אין גרונט עקרים פון יידישן גאולה־געראנגל, וועלכע זיינען באזירט אויף יסודות פון אהבת ישראל און אהבת היחיד.

אין די צימערן פון ה' פנחס שפירגעל, דער אייגנטימער פון א גרויסע שטוב, פון פארענט א שענק און ביי דער זייט, א גרויסער סאלאן אויף פארזאמלונגען, האט זיך געפונען אונדזער בית־ספר עברי. טאג־טעגליך האט זיך געהערט דאס קול פון לערנען און דער עכא איז דערגאנגען צו אנדערע שיכטן פון עלטערע יוגנטלעכע, צו ארגאניזאציעס און גרופן און אלע צוזאמען האבן געזוכט די פאסיקע צייט, כדי צו לערנען העברעאיש, צו הערן שיחות, דורכצופירן גרעסערע אידעאלאגישע אקטן און לימוד און חינוך האבן זיך פאראייניקט, איינס דאס צווייטע האט באווירקט, באהויכט, באגייסטערט און דערגענצט...

דאָס לערנען עברית, באגלייט פון א ערנסטער דערציונגס ארבעט, האט אויך געברענגט דערצו, אז כ'האב מיט די טייערע און אומפארגעסלעכע תלמידים־ות אויפגעפירט קורצע אינהאלטסרייכע מחזות, פארשידענע פייערונגען, כאר—און דעקלאמאציע—אויפטריטן, גרויסע אזכרה אקטן לזכר דעם שעפער פון פאָליטישן ציוניזם, דר. בנימין זאב הרצל או דעם משורר הלאומי, ח.נ. ביאליק ז"ל, וועמעס אידעען און ווערק זיינען בילדעריש געשילדערט געווארן פון יידישע קינדער, תלמידים פון אונדזער שולע.

ווער פון אונדז האט אין ציעשינאוו, בפרט אין די זומער־חדשים, נישט געווארט אויפן שבת'דיקן טאג? אין ערשטער ריי, מיינע תלמידים און איך אליין, איינגעשלאסן די צענדליקער און צענדליקער אין „גורדוניה" אנגעשלאסענע ציוניסטישע יוגנטלעכע, וועלכע האבן אין סקויטיש־דיסציפלינירטע־געשלאסענע רייען ארויסמארשירט גרופענווייז פון שטאָט־צענטער. יעדע שכבה, גרופע איז געווען אנגעפירט פון א מדריך, אדער א מדריכה און די גאנצע מחנה האט געצויגן אין דעם נאנטן וואַלד אַריין, וואו לפי אן אנגעצייכנטן דערציונגס פלאן פון שיחות און שירה בציבור האט יעדע גרופע אויסגעפירט פארשיידענע טעטיקייטן. דאס מוטיקע געזאנג פון העברעאישע און יידישע האפענונגס לידער האט געהילכט איבער דער שטאט, האט זיך אריבערגעטראגן איבער גוי'אישע פעלדער און דערגרייכט די נאָנטע דערפער. איך פלעג שטענדיק ביי אזעלכע ארויסמארשן טראכטן אינם „עוד לא אבדה תקוותנו", עפעס א באזונדערע קראפט, האב איך געטראכט, געפינט זיך אין אונדז, וואס דאס גלות־לעבן האט נישט גובר געווען, אלע שונאים האבן נישט געקענט אין אונדז צוברעכן די אמונה אין א שענערן יידישן מאָרגן, אן שרעק פאר פאגראמען און פאגראמטשיקעס. אין אזא שבת'דיקן טאג האט יעדער פון אונדז ביודעים ובלא יודעים זיך באטראכט פאר

א פרינץ פון יידישן פאלק, מיט אונדזערע גייסטיקע אויגן האבן מיר געזען ארץ־ישראל בשעת אונדזערע שיחות און ווער האט געפילט די פיזישע אפוועזנהייט?...

מיט דער דאָזיקער שבת׳דיקער נשמה־יתירה׳דיקייט האבן מיר געלעבט א גאנצע וואָך און גייסטיק באווירקט די וואכעדיקייט מיט אונדזער לימוד און חינוך־אויפגאבן.

## כ׳בין אן ארעסטאנט אין דער ציעשינאווער פאָליציי

איך ווייס נישט זוער פון מיינע ליבע ציעשינאווער יידן געדענקט נאך דעם עפיזאָד, ווען איך בין דורך דער פאָליציי אראָפּגענומען געוואָרן פון דער טריבונע און כמעט א גאנצע נאכט געווען ארעסטירט אין דעם ארטיקן „פאסטערונעק", אין ארעסט. מיט וואס האב איך מיך פארזינדיקט? איז — מעשה שהיה כך היה:

ס׳איז אונטערגעקומען דער 1־טער מאי, דער ארטיקער „בונד" האט „געפייערט" דעם „יום טוב פונם פראלעטאריאט" אויף זיין אייגענעם אופן מיט א באשטימטן אינטער־נאציאָנאלן נוסח, דער ארעמער יידישער ארבעטער פון ציעשינאוו האט זיך נעבעך באדארפט זארגן פאר דער „ליידנדיקער מענטשהייט", איך האב אבער באקומען מיינע אנווייזונגען, נישט קוקנדיק אויף מיין יונגן עלטער, פון דער „התאחדות" צענטראלע אין לעמבערג, אז די דאָזיקע ציוניסטישע פאָלקס פאַרטיי, וואָס שפייזט זיך פון די לערעס פון א.ד. גורדון און שעפט אירע רעיונות פונם מארקסיזם, נאר פון אונדזערע נביאים וועגן צדק און יושר, וועגן צדק או רחמים, זאל מאכן א באזונדערן 1־טן מאי אקט, כדי איך זאל קענען ארויסברענגען ציוניסטישע שטאנדפונקטן, שילדערן דעם שוידער־מצב פון אונדזער פאלק און קומען צו אייגענע מסקנות... ווייל ס׳איז דאך געווען א טיפער אידעאלאגישער אונטערשייד צווישן דעם עכטן יידישן שטרעבן צו סאציאלער גערעכטיקייט און דעם בראשורן־סאציאליזם.

אינמיטן מיין רעדע האבן זיך אריינגעריסן פאליציאנטן און מיך ארעסטירט. איך געדענק פרשיידענע פרטים פון דעם ארעסט, קומענדיק אין פאָליציי־קאמיסאריע האט דער קאמענדאנט מיך שוין פון פאָרויס „באטראכט" פאר א „געפערלעכן רעוואלוציאנער". ער האט ארויסגענומען גראבע קאָדעקס־ביכער און מיר געוויזן, ווי גרויס וועט זיין מיין שטראָף פאר מיינע „1־טע מאי חטאים", גלייכצייטיק האט ער זיך געמאכט פאר א גרויסן קענער פון אלע אידעאלאגישע ריכטונגען אויף דער יידישער גאַס, ער האט מיר אויסגערעכנט ציוניסטישע און אַנטי־ציוניסטישע פארטייען מיט זייערע פראגראמען און גענומען „אנאליזירן" די אידעאישע דיפערענציאציעס צווישן די זעלבע. אויפן הארץ איז מיר געווען ביטער ווי גאַל, אָבער פון דעם פאָליציי־קאָמענדאַנטס „קענטעניש" האט זיך מיר געגלוסט אויספּלאַצן אין א הילכיק געלעכטער, אבער כ׳האָב מיך איינגעהאלטן, אין מיין סיטואציע, מיט אלע כוחות דאָס נישט צו טאָן.

איך האָב נאר געווינטשן בלחש אין הארצן, אז אלע שונאי ישראל זאלן האבן אזויפיל פיזישן כוח, וויפל דער דאָזיקער קאָמענדאַנט האט אינטעליגענץ און וויסן איבער יידישע פראגן...

כ׳געדענק נישט היינט גענוי, ווער עס האט געמאכט פון די שטאטיש־יידישע בעל־בתים די געהעריקע אינטערוועניץ מיך צו באפרייען, אָבער היפּשע שעה׳ן, אין דער נאַכט פון סוף אפּריל אויף דעם 1טן מאי, האב איך געפילט דעם טעם פון אן ארעסטאנט, ווען די ציעשינאווער פּאָליציי־באהערדן האבן געוואלט באשולדיקן אין „מאכן רעוואָלוציעס״, אין רופן די מאסן צום קאמף פאר א „נייע ארדענונג״ אין פוילן, ווי אין פארשפּרייטן קאָמוניסטישע ליטעראטור.

איך בין טאקע באַפרייט געוואָרן, אבער ס׳איז ביי מיר געבליבן, דעמאָלט אין יענע טעג און נעכט, דאָס געפיל, אז ביי אלע גויים זיינען מיר קאָמוניסטן און א היפּשע צייט איז נישט פארשוויגדן א רחמנות געפיל צו די עטלעכע יידן, מיט וועלכע איך בין א סך שעה׳ן געווען צוזאמען אין ארעסט־לאקאל פון דער ציעשינאווער פּאָליציי.

## א ראיאָן־צוזאמענפאר פון „התאחדות״ אין ציעשינאוו

צוויי אידעאָלאָגישע ריכטונגען האבן פארנומען דעם אויבנאן אינם פולסירנדיקן יידישן לעבן אין ציעשינאוו: „התאחדות״ און די אלגעמיינע ציוניסטן, ס׳דארף געזאָגט ווערן דער גאנצער אמת, אז קיינמאל זיינען נישט געווען קיין אידעאלאגישע ויכוחים צווישן די חברים פוןביידע ארגאַניזאַציעס, אויב מען האט ערגצוואו באדארפט זוכן א געמיינזאמע צוזאמענארבעט, א חברישע שפּראך, א הארציקע בין אדם לחברו באציונג און איבער אלעם — בשותפות׳דיקע טעטיקייטן אינם לאָקאַלן קרן קיימת לישראל, ווי אופין שטח פון ציוניסטישער אויפקלערונגס־ארבעט, איינגעשלאָסן שול און דערציונגס־אויפגאבן בפרט פאר די ציוניסטישע יוגנט ארגאניזאציעס אין שטאט, האט מען דאס געקענט טרעפן אויף שריט און טריט אין יידיש־ציוניסטישן ציעשינאוו.

אויסער מיין ספּעציפישער ארבעט אלס מחנך און מדריך, באקומענדיק א באשטימטן געהאלט, בין איך אויך געווען דער רעפּרעזענטאט און אינסטרוקטאר פון „התאחדות״ פּאַרטיי און אירע צענטראלע אינסטאנצן אין לעמבערג, דאסזעלבע פון „גורדוניה״. אין א געוויסן טאָג האָב איך דערהאלטן את בקשה פון מרכז דורכצופירן אין ציעשינאוו א ראיאן צוזאמענפאר פון דער דערמאָנטער אידעאישער ריכטונג און אירע סניפים פון די ארומיקע שטעט און שטעטלעך. נאך א בעראטונג מיט מיינע אידעען־חברים אין ציעשינאוו האב איך באקומען זייער הסכמה און אלע האבן זיך גענומען צו דער ארגאניזאציאנעלער טעטיקייט, די הכנות זיינען געווען אינטענסיווע. חברים צוזאמען מיט מיר האבן פריער באזוכט לובאטשאוו, האלעשיץ, היוניוו, אדער ווי די שטאט האט ריכטיג געהייסן: אוהנאוו, כדי צו פארזיכערן די באטייליקונג פון גרעסערע דעלעגאציעס.

אין א זומערדיקן מוצאי־שבת האט זיך פייערליך דערעפנט דער קרייז־כינוס מיט דער באטייליקונג פון א סך דעלעגאטן, אני הקטן האב געהאלטן די פּראגראמאטישע רעדע און באריט די אקטועלע צייט פראגן, פארבונדן מיט דער אייגענער באוועגונג, ווי מיט דער לאגע פון פוילישן יידנטום. אויך דער גאנצער זונטיק׳דיקער טאג, א זון באשטראלטער, איז געווען פארנומען מיט ערנסטע שמועסן, וויכוחים און מיט א סך פּראקטישע פארשלאגן,

וואס האבן געפירט צו רעאלע החלטות. אויסער רעדעס און דעבאטעס האבן חברים פארברענגט אין א שבת אחים גם יחד — פרייד, באגלייט פון געזאנג. איך זע נאך היינט דאָס בילד: גויים פאַרלאָזן די צערקווע און גרייטן זיך גיין אין שענקן ארייננכאפן א כוס און מיר זיינען פארנומען מיט שירה בציבור, און שפעטער וועלן די צערקווע-באזוכער זיך וואלגערן מיט שכור אויף די גאסן פון ציעשינאוו און מיר, יידישע יוגנטלעכע, וועלן נאך אלץ זיין פאַרנומען מיט פארשפרייטן ציוניסטישע לערעס און ארייננברענגען אין יידעשע היימען צעהיצטע פאנטאזיעס פון יידישער גאולה, פון אן אויפגעלעבטן יידישן היימלאנד אין ארץ האבות.

דער ראיאָן-צוזאמענפאר פון „התאחדות" האט ארויסגערופן אומצופרידנהייט אין די שיטערע רייען פון לאָקאַלן „בונד", אָבער די באהאנדלטע טעמאטיק, די גרויסע צאל אנטיילנעמער אינם כינוס, די באגייסטערונג פון חברים, דער באקומענער סטימול צו גרעסערע לייסטונגען, דאָס אלץ האט געמאכט א גוטן רושם אויף דער יידישער באפעלקערונג פון ציעשינאוו גופא, ווי אין די שכנות'דיקע שטעטלעך.

אויב איך האב נישט קיין טעות, מסתמא פארפירט מיך נישט מיין זכרון, איז אזא קרייז-קאָנגרעס געווען ממש אן אוניקום אין אַלע ראיאנען פון מזרח גאליציע, וואו עס האט אקטואירט און געווירקט אן אידעאיש-ציוניסטישער כוח, אויב אזעלכע כינוסים זיינען יאָ אמאָל פאָרגעקומען, האָט מען זיי דורכגעפירט אין גאָר גרויסע שטעט, ווי סטאניסלאוואוו, סטרי, און וועלכע כ'האב געהאט דעם זכות אנצופירן מיט די הכשרות „ברזל" אלס מזכיר, אבער קיינמאל זיינען ראיאָן צוזאמענפארן נישט פארופן אין קליינע שטעטלעך. דאס יידישע ציעשינאוו איז טאַקע געווען אן אויסנאם, דערצו האָט דער ראיאן-צוזאמענפאר נישט נאר באקומען א גרויסן פרסום אינם צענטראלן פאַרטיי ארגאן „דאס פרייע ווארט", נאר געהאט א ברייטן אפקלאנג אין „לעמבערגער טאגבלאט".

דער געגנטלעכער חברים-צוזאמענטרעף און דער אינהאלט, וואס האט אים כסדר באגלייט האט מיט זיך פארגעשטעלט נאך א גייסטיקער, א יידיש-ציוניסטישער צושטייער צו דער אומדערמידלעכער טאג טעגלעכער ארבעט, פון א גרויסע צאל ציון-טרייע אנהענגער, וואס דאס יידישע ציעשינאוו האט פאַרמאָגט אין די הונדערטער, לטובת דעם רעיון פון תחיית העם והארץ.

## א פעטיט-צייטשריפט „דער באגינען" אין ציעשינאוו

די דאָזיקע אלע, דא דערמאנטע זכרונות זיינען איינגעראמט אין א צייט-אפשניט פון יאר 1930 ביז כמעט סוף יאר 1933, מיט קליינע איבעררייסן צוליב מיינע נסיעות אין מיין געבורט-שטאט ניעמיראוו און אנדערע געגנטן אין פארשידענע שליחות'ן.

ס'איז נישט מעגליך צו באשרייבן און אפצושילדערן אלע וויכטיקע, אפשר אויך אינטערעסאנטע עפיזאָדן פון דער דאָזיקער — פאר מיר — אומפארגעסלעכער צייט, וואס האט מיך אויפגעהאלטן אין ציעשינאוו. איך קען אבער נישט איבערגיין צו אנדערע זכרונות-עפיזאָדן, אויב איך דערמאן נישט פריער דעם דערפרייענדיקן פאַקט, וואס אין יידישן

ציעשינאוו האט אנגעהויבן צו דערשיינען א קליינע, אבער וואגיק־אינהאלטלעכע חודש־צייטשריפט אונטערן נאָמען „דער באַגינען".

אני הקטן האב פארזייט צווישן מיינע ליבע חברים דעם געדאנק, כ'האב אים אריבערגעטראגן צו עלטערע ציוניסטן, כ'בין מיט דער דאָזיקער מחשבה אריינגעדרונגען אפילו צו תלמידים אין שולע און אלע האבן געגעבן זייער באגייסטערטע צושטימונג און ס'איז פון דער מחשבה געווארן א רעאליטעט.

ס'איז גאָרנישט לייכט געווען, אין יענער צייט, ארויסצוגעבן אזא צייטשריפט, ווען אין ציעשינאוו איז נישט געווען קיין יידישע דרוקעריי, אויך אין די אנדערע שטעט איז דאס נישט געווען בנמצא. מילא דאס אנשרייבן קורצע מאמרים, עפיזאָדן פון יידישן לעבן אין שטאט, שילדערן די ציוניסטישע טעטיקייטן אין שטאָט, איז נישט געווען פון די גאָר שווערע אויפגאבן, אבער מיט מאטעריאל זיינען מיר געווען באַזאָרגט. די דאגה האט זיך געדרייט ארום א יידישע דרוקעריי, וואס איז געווארן דער הארבסטער פּראָבלעם צום לייזן. דעמאָלט איז מיר איינגעפאלן אן עצה טובה, זיך צו פארבונדן מיט די חברים אין ראווא רוסקא, וואס האט שוין פאַרמאָגט א גרויסע יידישע קהילה, מיט א ציוניסט אלס ראש הקהל, אין דער שטאט איז שוין געווען א בית־דפוס או טאקע דא איז ארויס אויף דער ליכטיקער שיין דער ערשטער נומער פון „דער באגינען", וועלכער איז אין העכער צוויי הונדערט עקזעמפּלאַרן אָפּגעשיקט געוואָרן קיין ציעשינאוו.

דאס דערשיינען פון אזא לאָקאַלע צייטשריפט איז געווען פאר אלעמען א שטיקל געשעעניש, פאר א סך אן איבטו, פאר אייניקע — א גלעכטער, אבער דער עצם פאַקט, וואס אין ציעשינאָוו, אין א קליינער יידישער קהילה, איז ארויסגעגעבן געוואָרן אזא חודש־שריפט, געדרוקט מיט יידישע אותיות, מיט א גאנץ פיינעם אינהאלט, האט צוגעגעבן אונדזער קולטור־ארבעט א באדייטנדיקן אנזען און א היפשע חשיבות.

בלויז צוויי נומערן פון דער צייטשריפט „דער באגינען" זיינען ארויס אין דער עפנטלעכקייט און האבן געהערט צום רשות הרבים, אבער איך בין געשיקט געווארן קיין סאקאלאוו, נעבן סטרי, אנצופירן מיט א „גורדוניה" סעמינאר און בין געווען געצוואונגען איבער צורייסן אלע מיינע אקטיוויטעטן אין ציעשינאוו און דאס האט אויך געברענגט א סוף צו דער דאָזיקער צייטשריפט.

„דער באגינען" איז אונטערגעגאנגען אין סאמע באגינען פון זיין קיום.

אבער דורך די דאָזיקע שורות ווערט פארפיקסירט א פריידיקער פאקט, וואס אין יידישן ציעשינאָוו איז דערשינען א חודשלעכע שריפט, די איינציקע אין די ראיאנען פון ראווא רוסקא, לובאטשאוו און יאראסלאוו.

מיינע זכרונות און געשילדערטע עפיזאדן האבן פאר מיר דעם ווערט פון אן אנגעצונדענעם נר־תמיד צום הייליקן אנדענק פון א חרב־געווארענער יידישער קהילה, ווי דאס איז געווען דער ארגאניזירטער יידישער ציבור אין ציעשינאוו.

# ווי פיל פאַרעטער דאַרף האָבן
# דאָס יידישע לאַנד ?

**(מחשבות אויפן הויכן קול)**

**פון מרדכי קויפמאַן**

אין דער צייט פון די אוקראַיניש פוילישע קאַמפן אין אונדזער געגנט, ווען כ׳בין נאָך געווען אַ קליין קינד און דורכגעלעבט די צוויי־פעלקערלעכע באַוואָפנטע צוזאַמענשטויסן ווי אין נעפּל־טונקלקייט, אָן זכרונות און אָן פּרטים, האָט מיר איין מאָל מיין פאָטער ע״ה דערציילט, ווי די פּאָלאַקן האָבן געכאַפּט אַ שפּיאָן, דווקא אַ פּאָלאַק, פון דער איינגענער נאַציע, און אים דערשאָסן פאַר פאַראַט נעבן אונדזער הויז, וואָס איז געלעגן אין טאָל פון מיין געבוירן שטאָט, ניעמיראָוו.

אין מיין קינדישן מוח האָט די דאָזיקע שילדערונג אויף מיר געמאַכט אָן אויסערגעוויינלעכן איינדרוק און פון מיין זכרון איז נישט פאַרלוירן געגאַנגען קיין אין פּרט פון דער עקזעקוציע איבערן פאַרעטער.

מילא, אַזעלכע פּאַסירונגען האָבן שוין געטראָפן ביי אַלע פעלקער און כל זמן ס׳וועלן לעבן לייכטזיניקע מענטשן, מיט פאַרעטערישע נשמות, וועט נאַציאָנאַלע בגידה נישט פאַרשווינדן פונעם פּנים פון דער ערד.

איך האָב זיך דערמאָנט אין דער דאָזיקער פאַראַט־טעמע וועגן אַ פּאָלאַק, וועלכער האָט געדינט די אוקראַינער און זיי איבערגעגעבן מיליטערישע סודות צום שאָדן פון פוילישן דעראָבערונגס־קאַמף פאַר מזרח־גאַליציע, ווייל היינטיקע וואָך האָב איך געלייענט אַ יידיש־דייטשע וואָכנשריפט, וואָס דערשיינט אין עסטרייכס הויפּט־שטאָט, ווין, וועגן דעם נייעם בוך פון דעם לייכטזיניקן כנעני, שונדיסטישן פּאָרנאָגראַפיע־שמירער און נאַציאָנאַלן פאַרעטער, אורי אבנרי, „לעבן מיט די אַראַבער ? — ישראל צווישן צוקונפט און ציוניזם״, וואָס איז דערשינען דאָס יאָר אין בערטעלסמאַן זאַכבוך־פאַרלאַג (שפּיגל סעריע), הגם ס׳ווערט נישט אָנגעגעבן אין וועלכער שפּראַך אבנרים קוואַטש איז געשריבן געוואָרן, שטעל איך מיר פאָר, אַז דער פאַרשווין האָט פאַרברודיקט די העברעאישע אותיות און דער אָריגינאַל איז אין עברית.

איך טו מיר אָן אַ כוח ארויסצונעמען עטלעכע שורות פון דעם דערמאַנטן בגידה־בוך קעגן יידישן פאָלק, בפרט קעגן דער יידישער מדינה, ווייל יעדן אָנשטענדיקן ייד און מענטש עקלט ביז צו גאַל־איבערקערעניש, ווען מען דאַרף זיך באַשעפטיקן מיט אַזעלכע געפאַלענע נפשות. דער מחבר זאָגט אַזעלכע פינצטערע רייד : „די יידן האָבן פאַרטריבן די אראבער פון פּאַלעסטינע״ (אין דייטשן אָריגינאַל

זאָגט זיך ווערטלעך) „דיע יודען האבען דיע אראבער אאוס פאלעסטינא פערטריבען) אויב דאָס איז נאָך ווייניק, שרייבט דער דערמאָנטער פארעטער וועגן ציוניזם מיט אַזעלכע אַנטיסעמיטישע אויסדרוקן „דער ציוניזם האָט געמאַכט יד אחת מיט דעם מאָדערנעם אימפעריאַליזם, איינע פון די עקלהאַפטיקסטע און העסלעכסטע באַוועגונגען אין דער וועלט. אַזעלכע רייד, פול מיט גיפט צום ציוניזם און צום יידישן פרייהייטס-ווערק, קומען אַרויס נישט פון קיין אַנדערן שונא-ישראל, וואָס איז חלילה וחס דערצויגן געוואָרן אין די היטלעריסטישע ראסן- און יידנהאָס-שולן, נאָר פון אַ „יידשן" דעפּוטאַט אין דער היינטיקער זעקסטער כנסת, וואָס טראָגט נאָך אַ העברעאישן נאָמען: אורי אבנרי. לויט זיין שנאת ציון אויסברוך און לפי זיין טריישאַפט צו די אראבישע מערדער, וואָלט אַזאַ פאַרשוין באַדאַרפט זיין אַ מיטארבעטער אין דער היינטיקער פאשיסטישער „דייטשער נאציאָנאל און סאָלדאַטן צייטונג", וואָס פארשפרייט א ז אָ אָ ל אָ ג י ש ע שנאה צו יידן און איז די אָפיציעלע טריבונע פונעם נעא-נאַציזם אין מערב און אין מזרח-דייטשלאַנד, אורי אבנרי איז אויך נישט קיין מיטגליד אין דער פארעטערישער קאָמוניסטישער באַנדע פון רק"ח, אין וועמענס שפּיץ עס געפינען זיך די אַרצי-בוגדים: מאיר ווילנער און די היסטערישע יידענע רות לוביטש, וועלכע זיינען גרייט צו מאָרדן יידן, אויב דאָס היינטיקע קרעמלין וועט דאָס פון זיי פאַרלאַנגען.

וואָלטן די ישראלדיקע אויטאָריטעטן זיך נישט אַזוי געשפּילט אין אַ דעמאָקראַטיע, וואָס איז טאַקע אַ יסוד פאַרן אָרטיקן לעבן, אָבער וואָס פארמאָגט אין זיך א היפש ביסל הפקרות, וואָלט די רעגירונג און די יוסטיץ פון דער יידישער מדינה, געגעבן א ריכטיקע אינטערפּרעטאַציע דער ישראלדיקער דעמאָקראַטיע, דעמאָלט וואָלט מען אַזאַ וויסטן אַנטי-יידישן און אַנטי-ציוניסטישן הפקר-יונג, ווי דאָס איז אורי אַבנרי, געשטעלט, בפרט אין דער היינטיקער אויסנאָם-לאַגע אין וועלכער עס געפינט זיך די יידישע מדינה, צום געריכט פאר הויך-פאַראַט, ס'איז גאָרנישט שווער ביי אַזאַ כנענישן פאַרשוין אַוועקצונעמען זיין אימוניטעט אַלס דעפּוטאַט און אים שטעלן צו דער יוסטיץ ווי אן איינפאַכן פאַרברעכער קעגן דער זיכערקייט פון ישראל.

ווידעראַמאָל קענען זיך געפינען צווישן אונדזערע יידן אַזעלכע ווייכע הערצער, וואָס וועלן זאָגן, וואָס איז דען דער אונטערשייד צווישן ישראל און דער רדיפות-פּאָליטיק פון ראַטנפאַרבאַנד? דאָ, אין הײדעמאַקן לאַנד שטראָפט מען דיכטער און שרייבער, ווייל זייערע ווערק זיינען פארעפנטלעכט געוואָרן אין אויסלאנד און ישראל באשטראָפט אַ רעדאקטאָר פון אַ וואָכנשריפט, אָך און ווי איז צו איר אינהאָלט, און אַ מחבר פון אַ בוך אין דער דייטשער שפּראַך, וואָס פאַרמיאוסט דאָס פּנים פון דער יידישער מדינה. מיט אַזעלכע ווייכהאַרציקע טפּשים איז דאָך בכלל נישט מעגלעך קיין שום ויכוח. וואָס פאר א פאַרגלייך קאָן עמיצער אויסגעפינען צווישן דער דעמאָקראטישער ישראל און דער בלוטדורשטיקער רויטער דיקטאַטור פון די קרעמלין-סאַטראַפּן? די דניאלס און סיניאווסקים ווערן פאַרמשפּט, ווייל זיי האָבן דעם מוט אויפצוהויבן זייערע שטימען קעגן ווילקיר און

רציחה, אָבער די ווילנערס, לוביטשעס און אבנרים פּונקט ווי די שעדלעכע יעווסעקציע אין דער גאָרער יידישער וועלט, הייבן זיך אויף מיט שנאת ישראל מאַניפעסטאַציעס קעגן עצם פון דער יידישער מדינה, קעגן דעם אוואַנגאַרד פון יידישן פאָלק, דער ציוניסטישער וועלט באַוועגונג, וואָס דאָס הייסט במילא און אומדיסקוטירבאַר — זיך פאַרבינדן מיט די גרויזאַמסטע פיינט פון יידישן לעבן און פון דער יידישער פרייהייט.

אורי אבנרים אַנפּאַל־בוך אויף דער יידישער מדינה פאַרמאָגט אָן אַ צאָל פּראָ־אַראַבישע קאַפּיטלען און אין איינעם פון זיי, זאָגט ער אויפן הויכן קול, אַז „די יידן האָבן געשאַפן ישראל מיט ברוטאַלע געוואַלט", אָבער ס'איז נישטאָ קיין איין וואָרט וועגן דעם איבערפאַל אויף דער ניי געשאַפענער יידישער מדינה פון 7 אַראַבישע אַרמייען, וואָס יעדע איינע פון זיי און אַלע צוזאַמען, זיינען געווען גרייט עוקר מן השורש צו זיין יעדן ייד פון ישראל, אבנרי אריינגערעכנט, פּונקט ווי די דורך דעם סאָוועטישן אימפּעריאַליזם אויפגעהעצטע אַראַבישע פעלקער זיינען דאָס גרייט צו טאָן היינט צו טאָג, די שעה זאָל נישט קומען.

דער גדזיסער אַנטי־ישראלדיקער פּראָנט הייבט זיך נישט אָן אין מאָסקווע, אָדער אין די אַראַבישע הויפּטשטעט, ער הייבט זיך אָן ביי דער יעווסעקציע אין יעדן יידישן ישוב און ענדיקט זיך ביי דער הפקר־באַנדע פון די כנענישע אורי אַבנרים און ענדיקט זיך ביי די קאָמוניסטישע ווילנערס און זיינס גלייכן.

אַ נייע אַקציע דאַרף אונטערגענומען ווערן: אויסצוראָטן דעם נאַציאָנאַלן פאַראַט קעגן יידישן פאָלק און די שרעקלעכע בגידה קעגן מדינת ישראל.

# ווערטער צום געדענקען...

(לזכר מיינע ליבע עלטערן)

פרידא שטארקמאן-קויפמאן

צום לעצטן מאל האב איך, ליבע עלטערן,
מיט אייך זיך געזעגנט אמאל ווי אצינד.
כ'האב געפילט, אז מער אין אונדזער לעבן —
נישט זען וועט איר אייער אייגן קינד.



געבוירן, דערצויגן, געצערטלט, געליבט,
אין א יידישער סביבה, אין אונדזער שטוב,
פלוצים א מלחמה־פייער, א וועלט־פלאם,
פארברענט — אונדזער הויז, פאר'שרפה'ט — דער שטאם.



איך געדענק אייך און פארגיס הייסע טרערן,
נישטא ווער ס'זאל פילן, ווער ס'זאל הערן —
די יסורים און דעם צער פון א קינד,
וואס לעבט איבער דעם דורות'דיקן ווי און ווינד...



ווי שווער דריקט דער געדאנק,
אז ס'איז נישטא דאס טייערסטע אין לעבן,
ס'ווייטיקט דאס הארץ, ס'טוט אזוי באנג,
נישט קענען מער הערן —
פון זיי קיין ווארט,
נישט וויסן פון זייערע קברים,
דאס הייליקסטע ארט,
ווען זייערע גופים אין לעצטן פיין,
האבן אויסגעהויכט די נשמות אין צער'פולן געוויין...



דערצויגן קינדער צען אין פרייד און יסורים,
איצט איז א סוד דאס ארט פון זייערע קברים.
ווען זאלן מיר „קדיש" זאגן, א ליכטל אנצינדן?
מיט מיליאנען קדושים איז אייער זכר פארבינדן!



ר' מרדכי קויפמן מיט זיין פרוי פרידה, די טאָכטער פון ר' אברהם בר שטרקמן ז"ל

מיט זייער זוהן.

# בני ציעשינאוו מלוכדים סביב מדינת ישראל

**(מוקדש לכל חברי הנאמנים יוצאי־ציעשינוב)**

**מרדכי קויפמן** (ארגנטינה)

עננים שחורים מכסים את שמי מולדתנו הכחולים, הרודן המצרי הקשור לקרמלין האדום־השחור עדיין מאיים להחריב את מדינתנו שקמה לתחייה אחרי אלפיים שנות גלות. כל שונאינו חוזרים על הצהרתם להתחיל מחדש מלחמה נגד ישראל וכוונותיהם: לגמור — חס וחלילה — את ההרג, החנק והשמדת היהדות, שהתחיל היטלר, ימח שמו וזכרו, בשנות 1945 — 1939.

חעם היהודי בגולה עבר נסיונות רבים, לא בפעם הראשונה, עמים אכזריים, בלי אל, חסד ורחמים, ללא אמונה בעיקרי היושר והצדק, מסרו אותנו להפקר לכליון ולהרס, אבל נצחנו... למרות העננים המלאים ברקים ורעמים, שהחשיכו את חיינו, היתה לו סגולה מיוחדת לראות את השמש, את האור המסתתר מאחריה.

גם היום אנו, מאמיני הרעיון הציוני, רואים לא רק עננים קודרים, אנחנו יכולים לראות לא רק את אור השמש, אלא גם להראות את קרני־האור לעם היהודי כולו. אויבינו התקיפו את ישראל, משמיעים צלצול חרבותיהם, אוירונים, תותחים, מרגמות וטנקים מרעישים את ארצנו האהובה, אולם צבא ההגנה לישראל עומד איתן ומגביר את כוחו הגופני והרוחני מיום ליום, לא רק להגן על עצמאות עמנו, אלא להכות את השונא על אדמתו, בארצו.

היהדות בגולה מקימה יום יום, רגע רגע, חומה בצורה סביב מדינת ישראל, ואלה שנמצאים במולדתנו, הנכללים כל יוצאי־ציעשינוב, חברי וחברותי היקרים, מלוכדים סביב ישראל בשלוש מטרות: א) נותנים חלק ניכר מהונם על ידי הצינור האחראי בשם "המגבית המאוחדת" — למען ביצור ושגשוג המדינה. ב) גיוס של בחורים אמיצי־לב לשרת את מדינתנו בכל שטחי חייה. ג) כל האחים שלנו בישראל נותנים לכל המערכות את בניהם החביבים להגנת המולדת.

בשיר "מקראי־ציון" המשורר הלאומי, חיים נחמן ביאליק מתאר לנו את כוח־הקוסם של רעיון הגאולה:

"אי עמכם קבצכם מפנות הגולה,
נאקתו המרה את כולכם הקימה —
והנה נהיתה המראה הגדולה,
ותפרוץ ממקורה הנאמן הדמעה,
הגדולה, הנעימה, הבהירה, החמה,
אליה נתפלל זה כמה.

תרדנה נא יחדיו גם דמעות עמנו,
תבאנה נאד אחד מתפוצות הגולה,
אם פדות אין עמנו — עוד חי גואלנו,
וקמה ובאה השעה הגדולה,
ואחרון על עפר את כולכם יעלה —
הראשון ליסוד המעלה.

שנים רבות עברו מיום זה, שהמשורר הלאומי כתב את השורות הנ"ל לזכר הקונגרס הציוני הראשון בבזל, רבים מחוללי התקופה הציונית ההיא ראו במו עיניהם את הקמת-המדינה, אבל מסיבות שונות נחלש הרעיון ומשבר רוחני עובר על היהדות העולמית, אבל שר האומה עומד על משמרתו וצועק: **האם לא די הקרבן של ששה מיליון יהודים שנרצחו רק מפני שהיו יהודים? די! לא עוד ישרף יהודי בכבשן ולא עוד יופקר יהודי לרצח! לא עוד ינום ולא עוד יישן שומר עצמאות-ישראל!** אני מאמין שיבוא יום והוא לא רחוק מהמציאות שיסתייגו כוחות רעננים לשורות שואפי-הגאולה, יצעדו קדימה בכל מערכות עבודה וההתגוננות, כדי להגדיל את המולדת, להרחיב את גבולותיה, לחסל את הגלות המרה ולהגשים את הרעיון הקוסם, רעיון החרות, סמל הכוח המתעורר. השאיפה לגאולה היא סינתזה של כבודנו בעבר וגדולתנו לעתיד לבוא, אות ומופת לחיי עולם של עמנו.

בימים קשים אלה — בימי מלחמה נגד אויבינו הרבים בחוץ, ונגד ההתבוללות בתפוצות בישראל בפנים, נמצאת המטרה לנגד עינינו: הנצחון בכל שטחי-חיינו. לנגד עינינו נמצאים שלושה דורות חלוצים ולוחמים, שהקימו בדמם, בדם האדום במאבק הקשה עם אויבינו — ובדם הלבן — הזיעה — ביישוב הביצות, בהקמת ערים וקבוצות, בשגשוג קיבוצים ומושבי-עובדים, במאמץ-עליון להקים מדינה בישראל ולהוציא לחם מהמדבר...

עתה נמשך המאבק בעד קיום והמשך של עמנו ומולדתנו. תחת מבטי הגבורים שנפלו במלחמת השחרור, בכל הגיטאות, בכל מרד נגד הנאצים ובכל ההפיכות נגד השלטונות האנטישמיים בכל אתר ואתר, אנחנו חוזרים על שבועתנו: להגשים את תוכן רעיון הגאולה, שבו נמצא: חרות אומתנו ופדות ארצנו.

קבלנו את הצו ההיסטורי: לפזר את העננים הקודרים משמי ישראל ולאזר את כוחות עם ישראל למאמץ הנצחון.

אשריכם, בני-ציעשינוב שאתם משתתפים יום יום במפעל הלאומי הזה, ששמו הוא: ***מנצח ישראל — לנצחון מזהיר.***

**ר׳ יצחק מאיר ליבעס ז״ל**



יליד לובליניעץ על יד ציעשינאוו.

ר׳ יצחק היה תלמיד-חכם מובהק נצר ממשפחה אצילה.

ת.נ.צ.ב.ה.

דור דור ודורשיו,
דור דור וחכמיו,
דור דור ונשיו הרחמניות,
דור דור ונשיו הצדקניות...

פון

**ד"ר דוד רביד**

אין אונזערע יידישע געשיכטע, ערשיינען צווישן בארימטע מענער — אויך א סעריע פון בארימטע פרויען, וועלכע האבן דארך זייערע מעשים באקרוינט און באשיינט אונזער פאלק.

איך וויל פארשטעלן א קליינע קולעקציע פון בארימטע פרויען ווי למשל די פרויען פון תנ"ך: מרים, דבורה, יעל, יהודית, אסתר און שפעטער פון דער צייט פון די חכמי התלמוד ווי "ברוריה" די פרוי פון דעם גרויסן ר' מאיר, די בארימטע פרויען פון מיטעלאלטער און שפעטען-מיטלאלטער, וועלכע האבן פארטיידיקט דעם כבוד פונם פאלק, ווי די לעגענדארע "רחל" וועלכע איז אין דעם טרויריק בארימטען שנת ת"ח געצווינגען געווען דארך חמיעלניצקים א קוזאק מסכים צו זיין צו ווערן זיין פרוי, גייענדיק מיט איהר כלומרשטן חתן צו דעם גלח דארך א טייך, האט זי פון דער בריק ארופגעשפרונגען אריין אין טייך און פארשווינדן אויף אייביק אין זיינע טיפענישן, כדי צו רעטען איהר אייגענעם כבוד, העיקר — דעם כבוד פון איהר יידישן פאלק.

אונזערע געשיכטע ווייסט אויך צו דערצעלען פון טויזענטע זאלכע יידישע פרויען — העלדינס ווי למשל: די גאלדענע 'רויזע' פון לעמבערג, גליקל פון האמעלן און טויזענטע אונבאקאנטע פרויען און צווישן זיי עטל קיניגסבערג ע"ה וועלכע האט זיך מפקיר געווען ווען די דייטשע און אוקראינישע רוצחים זענען געקומען זיי פארנעמען — האט זי מיט איר גוף פארשטעלט אירע קינדער, שיצענדיק אויף אפאר מינוט זייער לעבען, אבער די רוצחים האבן זיי אלע פארפייניקט צום טויט, און זייערע לעצטע ווערטער זענען געווען:

שמע-ישראל, מיר שטארבען פאר דעם כבוד פונם געפייניגטען יידישן פאלק.

כבוד זייער אנדענקען.



מימין לשמאל:

**אסתר טפר ע"ה,**
**גיטל טפר תחיה עד מאה ועשרים –**
**ורחל טפר ע"ה.**

**משפחה נחמדה ומכובדת.**

**מיסטער מיכל אייכלער און זיין פאמיליע**



מיסטער מיכל אייכלער זאָל געזונט זיין, געבוירן אין ציעשינאָוו — איצט אַ חשובער בירגער פון קאַנאַדע, מיט זיין געוועזענע פרוי חנה און זייערע צוויי קינדערלעך וועלכע זענען צוזאַמען מיט זייער מוטער אומגעקומען פון די גוייִשע רוצחים.

גאָט — נעם נקמה פאַר זייער אומשולדיק פאַרגאָסענעם בלוט.

## ר׳ חיים יוסף מארקדורף און זיין פרוי





ר׳ חיים יוסף מארקדורף און זיין פרוי רחל און זייער טאָכטער פייגע, אומגעקומען פון די רוצחישע דייטשע באנדיטן.

ר׳ חיים יוסף ז״ל — א שענער בעל-בית, א לערנער, א בעל תפילה און בעל-צדקה, אויך זיין פרוי איז געבענשט געווען מיט אווארם יידיש הארץ.

ה׳ ינקום את דמם השפוך.

**בעריש אייכלער און זיין פרוי**



בעריש אייכלער און זיין פרוי,ביידע אומגעקומען אינם ׳יאנאוווער׳ לאגער אין לעמבערג.

תהי נפשם צרורות בצרור החיים מתחת כנפי השכינה.

## אלוהים בשמים

שפוך חמתך על הגר־מנים הנאצים ועוזריהם הפולנים, האוקראינים ועל כל העמים והממ־לכות אשר השתתפו בהשמדת שליש של עם ישראל, אנשים, נשים וטף, בשנות השואה תרצ"ט—תש"ד.

כי אכלו את יעקב ואת נוהו השמו.

שפוך עליהם זעמך וחרון אפך ישיגם, תר־דוף באף ותשמידם מ־תחת השמים ככתוב: הרנינו גוים עמו, כי דם עבדיו יקום, ונקם ישיב לצריו.

כיפר אדמתו עמו, והמציא מנוחה נכונה תחת כנפיך את הנשמות הקדושות אשר מסרו את נפשם על קדושת שמך.

בעל הרחמים — תצ־רור בצרור החיים את נשמותם, ה' הוא נחלתם וינוחו בשלום על משכבם.

אמן




**מצבת זכרון**
**לזכר חללי עירנו הנמצאת**
**במרתף השואה על הר ציון**
**בירושלים**

**מצבה**
**צום אנדענק פון אונזערע געפאלענע**
**אינם „פארטיליקונג-קעלער"**
**אויפן הר ציון אין ירושלים**

תרומת אריה קניג ז"ל

מאנטעוורפן

מיסטער מרדכי אייכלער און זיין פרוי לאה.



אונזערע לאנדסלייט אין קאנאדע, זאָלן געזונד זיין.

**רחל לאה שווארץ**



א עכטע „יידישע־מאמע" א צדקנית
און בכבודיק און באליבט.
עליה השלום.

## משפחת רענער



פאָטער בנימין, מוטער דבורה און זייערע 3 קינדער:

בן־ציון, בלומה און מיכאל.

## משפחת וועבער



פון רעכטס צי לינקס:

ישכר וועבער, זיין פוטער ר׳ לייביש און זיין פרוי מינטשע עליהם השלום,

אין מיטן: זייער קינד וועלכע האָט זיך געראַטעוועט.

**משפ׳ בינגעשטאק-וועבער**



**שוועסטער און ברודער.**

פרוי מאול בינגעשטוק-וועבער מיט איהר קינד דוד,

און דער ברודער ר׳ אברהם וועבער.

## אחים אייכלער



ר׳ אליעזר ור׳ צבי הירש אייכלער בני ר׳ יוסף ז״ל מציעשינאוו היו מבני הנוער האינטלקטואלי, עשו בחייהם הרבה לטובת הצבור.

ר׳ אליעזר מת מיתה טבעית ור׳ צבי הירש נפל חלל מידי הנאצים ימ״ש.

תהי נפשם צרורה בצרור החיים.

# לזכר עולם יהיה צדיק!

אַ האַרציקן דאַנק פאַר אונזערע טייערע ברידער און שוועסטער פון קאַנאַדע, פאַר זייער וואַרימען באַטייליקן זיך אין דער גרויסער מצווה פון אויפשטעלען די מצבה „ס פ ר - ה ז כ ר ו ן" צום אייביקן אָנדענקען פון אונזערע טייערע קדושים וועלכע האָבן פאַרלוירען זייערע לעבענס דאָרך די צוויי וועלט רוצחים: היטלער — סטאַלין ימ"ש.

באַזונדער דאַנקען מיר די חשובע און ליבע חברים: ר' אברהם ווײנטרויב, די ברידער ר' פלטיאל און ר' לוזער שטאַם, ר' מיכל אייכלער, ר' מאיר ווילנער און אונזערע טייערע שוועסטער הגברת יטע אייכלער און אַלע אַנדערע, פאַר זייער מאָראַלישע און געלד שטיצע, וועלכע האָבן כמעט אין דער לעצטע מינוט געראַטעוועט אונזער גרויסע און מיהפולע אַרבייט פון אונטערגאַנג.

השוכן בשחקים יגמול להם שכרם.

**ד"ר דוד רביד**

מאת: צבי אלימלך גלנצר — חבר הוועד

# אבי זקני מוהר"ר
# יצחק הכהן גלנצר ז"ל

„זקני תלמידי חכמים כל זמן שמזקינים, חכמה מתוספת בהם"

פערזייביקענדיג דאָס הייליגע אין אזוי אכזריותדיג אינטערגעהאקטע לעבען פון די ציעשינאווער יודען, פיהרט מיך אזועק ווייט אין זכרונות צו דער היים פון מיין זיידען מוהר"ר יצחק.

עס איז געווען א בית ועד לחכמים ופתוח לרוחה לכל הנצרכים. טראצדעם וואס ער האט עוסק געווען אין תורה און מקיים געווען „והגית בו יומם ולילה" איז ער אויך געווען א עסקן צבורי און ווער עס האט בעדארפען הערען א מיינונג און בעקומען א עצה האט געטראפען א אוזן קשבת, און מען איז אוועק מיט לייכט געפיל. ער האט געהאט אין זיך א כח משכנע צו זיין מיט „אמור מעט ועשה הרבה" מיט זיין ווייניג רעדען האט ער פיל געווירקט.

פאר דער ערשטער וועלט מלחמה ווען דער ציעשינאווער רב הרב שמחה ישכר בר ז"ל איז נסתלק געווארען אין עס איז געבליבען זיין זוהן אין עלטער פון בר מצוה, און עס האט זיך געשאפען א פראבלעם וועגען א מורה הוראה ביז ער וועט קענען פערנעמען דעם כס הרבנות, האט מען זיך געווענדעט צים זיידען ז"ל ער זאל פערטרעטען אלס מורה הוראה. טראצדעם וואס דער מסחר האט געפאדערט זיין צייט, האט ער נישט אפגעזאגט און געווען פיל יאהרן מורה הוראה, אין די צייט געשפענדעט פאר פסקנן שאלות און פיהרען דין תורה'ס שלא על מנת לקבל פרס.

מיט סיפוק קען איך זאגען אז ער האט עס אויסגעפיהרט מיט מסירות נפש און צו ציפרדענהייט פאר אלע.

אויך איז ער געווען ראש הקהל און פיל געלייסטעט פאר שטאט ביים סטאראסטע און וואיעוואדע און מיט זיין חכמה ונעים הליכות האט ער נושא חן געווען אין געפועלט וואס מען האט געברויכט.

איך זעה פאר מיר א חוב אויך צי דערמאנען את אמי זקנה מרת רייזעלע ע״ה „מנשים באהל תברך״, וועלכע האט אין סך פאלען פערלייכטעט, דערמיט דער זיידע ז״ל זאל אוספיהרען באמונה זיינע פליכטען.

דער זיידע איז נסתלק געווארען בשיבה טובה און ביז די לעצטע רגעים געווען ביים בעוואוסטזיין און נישט מסיח דעת געווען פון דער תורה.

חבל על דאבדין

תהי נפשם צרורה בצרור החיים

יהא זכרם ברוך.

# שמות

# נשמות קדושות וטהורות

# רובן נהרגו על קידוש השם

## א.

אבענט אחים
אבעל שמואל
אבעל שלמה
אבעל סנדר
אדלמן חיים
אלטר מאיר
אלטר דבורה
אלטר אברהם
אלטר אליהו
אייזנמאיר ברוך
אייכלער בעריש אלתר
אייכלער חנה מירל
אייכלער יצחק
אייכלער הירש
אייכלער יוסף
אייכלער חנה
אייכלער ליזר חיים
אייכלער אליעזר
אייכלער הירש
אייכנבוים צבי
אייכנבוים חנה וילדיהם
אנגרסט-ברנר חיה

## ב.

בוכהולץ בעריש
בוכהולץ פיגה
בוכהולץ דבורה
בוכהולץ יונה
בוכהולץ צבי
בוכהולץ פרידה
בוכהולץ ונה מרדכי
בוכהולץ נטע
בוכהולץ פייגלע
בוכהולץ שמעון מאיר
בוכנר בערל
בוכנר רייזל וילדות
בוקסר אבוש
בינענשטוק עטל
בינענשטוק חיים
בינענשטוק דוד
בינענשטוק לייבל
בלומנצויג שלמה
בלומנצויג זאב
בסכעס ברוך
בסכעס צביה וילדיהם
ברגר יוסף
ברגר מיכאל
ברגר יהודית
ברגר רחל
ברנר יונה
ברנר רייזל
ברנר זושיה
ברנר רחל וילדיהם
ברנר מנדל
ברנר יחיאל
ברנר לאה
ברנר צבי
ברנר חוה (בלושטין)
ברנר חיה (הרצברג)
ברקר משה
ברקר יעקב
ברקר צשרנה
ברקר מרים
בערן שרה ומשפחתה

## ג.

גולדברג קופל ומשפחתו
גולדברג לעמל
גולדברג שרה
גולדברג הרמן
גולדברג קלמוס
גלאנצר מרדכי ואשתו
גלר ליב בר
גלר עטל
גמס משה
גץ יעקב
גץ פיגה
גץ מאלי
גץ פרידה
גץ אברהם
גצל שמואל
גצל זאב

גצל חנה וילדיהם
גצל שבתאי
גצל אהרן ומשפחתו
גרינר עזריאל
גרינר ד"ר ומשפחתו
גרמן יוסף
גרמן מרים
גרמן אברהם
גרמן חנה
גרמן יחזקאל
גרמן משה ליב
גרמן בן-ציון
גרשטנפלד יואכים מאיר
גרשטנפלד מלי
גרשטנפלד פיגה

## ד.

דורנברג מיכאל
דורנבברג חנה גיטל
וילדיהם
דילר נחמיה אשר
דילר דבורה
דילר אברהם דוד
דילר שאול
דים עטל וילדיה
דומנט דוד ומשפחתו

דרוקר מייטה
דרוקר חיה
דרוקר אבלה
דרוקר ראובן
דרוקר גולדה
דרוקר ליב
דרוקר פרומט
דרוקר מינה
דרוקר לאה

# ה.

הופמן פנחס
הופמן שרגא פיבל
הופמן פרידה
הופמן גולדה
הופמן יהודה
הלברשטם הרב יחזקאל
הלברשטם הרבנית רוזה
בלומה וילדיהם
הלמן חוה
הלמן יעקב ומשפחתו
המר חיים
המר רבקה
המר רחל
המר בילב
המר סאלי
הרצברג זושיה ומשפחתו
הרצברג ניסן ומשפחתו
הרצברג הלה ומשפחתה

# ו.

וואלף חיים
וואלף שיינדל
וואלפאנג ברנטשי
וואלפאנג יוסף
וועבער לייביש
וועבער מינטשע
וועבער אברהם
וועבער יהושע
וועבער פיגה
וועבער יוטע
וועבער ישכר
וועבער פנחס
ובר משה
ובר חיה
ובר יוסף
ובר חנה
ובר שמחה ישכר בר
ווינט אברהם
ווינט גיטל ומשפחתם
ווינטר רבקה רחל
ווינטר חיים ישראל
ווינברג חיה
ווינברג משה וילדיהם
ווינברג משה דוד
וויסברג זאב
וויסברג רייזל
וויסברג מרדכי
וויסברג גיטל
וויסברג משה ברוך
וויסברג חנוך
וויסברג יעקב
וויסברג פיגה
וויסברג יעקלה
וויסברג לייזר
וויניג יעקב
וויניג מאיר
ווקסמן יוסף
ווקסמן שלום
ווקסמן זליג
ווקסמן רוזה
ווקסמן משה
ווקסמן אברהם
ווקסמן מינצה וילדיה
ווקסמן ליב אורי
ווקסמן שיינדל
ווקסמן יוסף

ווקסמן מאיר
ווקסמן אלקה
ווקסמן יצחק
ווקסמן דבורה
ווקסמן שרה
ווקסמן זלדה
ווקסמן משה
ווקסמן מרדכי
ווקסמן פרל
ווקסמן אליהו
ווקסמן דוד
ווקסמן הירש
ווקסמן יהושע
ווקסמן יעקב
ווקסמן אהרן
ווקסמן אסתר
ווקסמן פיגה
ווקסמן שלום
ווקסמן יצחק איזיק
ווקסמן יוטה
וינטרוב ליב
וינטרוב רחל
וינטרוב שאול

## ז.

זיגל פייבל יצחק
זיגל שרה טובה
זיגל צווטה
זיגל משה יוסף
זיגל פרל
זיגל חיים שמחה
זינגר ליב
זינגר טובה
זינגר אברהם יעקב
זינגר בלומה
זינגר אנה
זינגר שרה
זינגר גרשון
זינגר יעקב
זינגר מלכה
זינגר וואלף
זינגר רחל בילה
זינגר חיה גיטל
זינגר העסי
זינגר פרל
זינגר דוד
זינגר גולדה
זינגר צבי יעקב
זינגר מלכה
זינגר צבי
זינגר רבקה
זיפר קלמן צבי
זיפר אסתר מלכה
זץ נחמן

# ט.

טאט דינה ומשפחתה
טברסקי חיים ברוך
טויבנבלאט שלום
טויבנבלאט יוטה
טויבנבלאט פנחס
טויבנבלאט שרה
טויבנבלאט שמואל צבי
טויבנבלאט יצחק איזיק
טויבנבלאט לאה
טויבנלאט אליעזר
טויבנבלאט מלכה
טויבנבלאט אברהם

טויבנבלאט יוסף
טייכער הרב דוד ומשפ׳
טננבוים פרל
טננבוים מרדכי
טננבוים מאיר
טננבוים צבי
טננבוים יוסף
טננבוים דבורה
טעפער אלטה
טעפער משה בער
טעפער אסתר
טעפער רחל

# י.

יוסט אריה
יוסט רחל

יוסט הנה

# כ.

כץ יוסף
כץ צביה
כץ משה
כץ פערל
כץ דבורה

כץ רייזל
כץ קאפעל
כץ משה
כץ ישראל צבי בן יצחק

# ל.

ליכטנפלד אליעזר
ליכטנפלד פיגה ציפה
למפל לייזר
למפל אברהם
למפל יצחק אייזיק
למפלץ שרה
למפלץ עקיבא
לנגנטל ראכצשי
לנגנטל יצחק
לנגנטל באשה
לנגנטל חיים ישראל
לנגנטל הירש
לנגנטל שרה בריינדל
לנגנטל יוסף
לנגנטל יוטה ובעלה
לערער מאיר
לערער רבקה
לערער גיטה
לערער שמואל זיינבל
לערער מינדל
לערער יהודה
לערער אשר
לערער נתן
לערער צשרנה

לערער עזריאל
לערער ברנה
לערער מטיל
לערער מרדכי
לערער שמחה
לערער לייב
לערער חנה אסתר
לערער מאשה
לערער שלמה
לערער בילה
לערער עוזר
לערער חיה
לערער מלכה
לערער משה
לערער אברהם יצחק
לערער לאה
לערער גרשון
לערער רבקה
לערער נתן
לערער שמואל
לערער רחל
לערער פסיה
לערער פייבל

# מ.

מאגר חיים
מאגר מנלי
מאגר נחמן
מאגר רייזל
מאגר רבקה
מאגר חנה
מינץ אסתר
מינץ חיים

מינץ פיגה
מינץ אברהם
מנדל שלמה ומשפחתו
מענש לייביש ומשפחתו
מרקדורף חיים יוסף ואשתו
מרקדורף רחל
מרקדורף פיגה

## נ.

נאדל הנלה
נאדל שמעון
נאדל הדסה
נאדל עטל
ניימן יצחק ומשפחתו
ניימן מנחם מנדל
ניימן אודל
ניימן חנה

## ס.

סופר הירש
סרבר בערל
סרבר גולדה
סרבר מרדכי
סרבר זאב
סרבר משה
סרבר מאלי
סרבר רבקה

## ע.

עבל סנדר ומשפחתו

## פ.

פדר אברהם
פדר מינטשה
פדר שלום
פדר חנה
פדר סנדר
פדר אליעזר
פדר משה
פדר יצחק
פדר בלומה
פדר גיטל
פדר פיגה
פדר ינטה
פורמן נחום
פורמן רחל
פודם סאשי ומשפחתה
פוטשטר חנה ריבה
פוטשניק אליעזר
פוטשניק אסתר
פוטשניק מלכה
פליישער שמואל
פליישער פיגה וילדיהם
פרנקל בצלאל ומשפחתו
פרידמן מיכאל
פרידמן פסיל
פרידמן מאלי
פרידמן אורי
פרידמן חיה רבורה
פרידמן דבורה
פרידמן צבי
פרידמן רחל-צייגר
פרמפול מאיר

## צ.

ציגלר שלמה ומשפחתו
ציגלער יהושע
ציגלער מרים יהודית
ומשפחתם
ציגלער יעקב ומשפחתו
צייגר רבקה
ציקר חיה שרה
ציקר דוד
ציקר יוסף
ציקר מינה
ציקר רבקה

## ק.

קופרשטוק חנה
קופרמן גרשון
קופרמן אנשל
קופרמן שלמה
קורן משה
קורן סרקי
קורן לושקי
קורן פרידה
קורן עטקי
קורן מעניק
קלאפער בנימין
קלאפער לאה
קלאפער-גולדברג סאלא
קלאפער יוסף
קלאפער דוד
קלאפער יעקב
קלאפער מינה
קלפנר אפרים
קלפנר חנה
קלפנר יצחק
קלפנר יוסף
קליכמן ברוך
קליכמן יעקב
קניג משה
קניג יוטה
קניג אלקנה
קניג אריה ליביש
קניגסברג משה
קניגסברג עטל
קניגסברג מרדכי
קניגסברג פנחס ליביש
קרנר שלמה
קריג יוסף הירש
קריג פנחס

## ר.

ראץ פרידה
ראץ רות
ראץ עלה
רבפוגל מרדכי
רבפוגל חנה
רבפוגל מתתיהו
רבפוגל גיטל
רבפוגל טובה
רבפוגל חיה
רבפוגל חנה ריבה
רבפוגל לאה
רבפוגל עטל
רבפוגל מרדכי

רבפוגל חנה
רבפוגל אברהם
רובין הרב אריה לייביש
רובין מאיר
רוזנשטוק יצחק
רוזנשטוק נעשי
רוזנשטוק משה
רוזנשטוק חולי
רוזנשטוק טובה
רוטנשטרייך משה
רענער בנימין
רענער דבורה

## ש.

שאלאטינר משה ומשפ׳
שאפפעל זיסל
שאפפעל יחזקאל
שאפפעל מרים
שאפפעל פנחס
שאפפעל יוסף
שאפפעל מאיר טוביה
שאפפעל גנדל
שאפפעל הירש ליב
שאפפעל מלכה
שאפפעל פיגה אסתר
שאפפעל הלה
שורץ פיגה
שורץ דב
שולדינר אהרן
שולדינר צביה
שולדינר יהושע
שולדינר רבקה
שולדינר חנוך

שולדינר יעקב
שולמן בעריש
שולמן מלי דבורה
שווארץ רחל לאה
שטאם אהרן יצחק
שטאם חיה ינטה
שטאם לאה זיסל
שטוקהמר לאה
שטוקהמר יהושע
שטוקהמר שרה
שטוקהמר פרידה
שטורך אליהו
שטינברג חנה וילדיה
שטיינבערג יצחק
שטיינבערג צבי
שטינברוך יצחק
שטינברוך אסתר
שטינברוך פרידה
שטינברוך גיטל

שטינברוך צביה
שטינברוך דוד
שטינברוך חיים ליב
שטנגר לולה
שטריגל סאשע
שטריגל וואלף
שטריגלר מאטיל
שטריגלר רבקה
שטערנליכט מינטשה
שטערנליכט ליב
שטערנליכט יעקב
שטערנליכט יוסף
שטערנליכט ליפא
שטראמר יוסף
שטראמר עטל
שטראמר דבורה
שטראמר הנטשי
שטראמר אייזיק ומשפ'
שכטר שמואל
שכטר קילה ובנותיה
שמוקלר רבקה
שמוקלר שמעון ומשפ'
שמוקלר חנה
שמוקלר מיכאל
שמוקלר מאלי
שמוקלר נתן

שמוקלר הירש
שמיד וואלף
שמיד חנה
שמיד שמואל
שמיד יהושע
שמיד אריה ליב
שמיד שרה
שניצר שרה
שניצר אהרן
שניצר לאה
שניצר דבורה
שניצר אסתר
שניצר יעקב משה ומשפ'
שניצר יצחק ומשפחתו
שניצר רפאל ומשפחתו
שניצר ציפה ומשפחתה
שניצר מיכל
שניידער מרדכי
שניידער עקיבא ואשתו
שניידער אברהם ומשפ'
שניידער יוקל
שניידער רייזל
שניידער מרדכי
שניידער צבי הירש
שניידער דוד
שפירה לייזר

שפירה רחל
שפירה פיבל
שפירה שרה
שפריצר לאה
שפריצר זליג
שפריצר מאיר
שפריצר בעניעק
שפריצר פלה
שרגיל יהושע השיל
ומשפחתו
שרגיל זליג
שרגיל אריה
שרייבר קריינצי
שרייבר וולף ומשפחתו

שרייבר צבי
שרייבר חיים ישראל
שרייבר ריבה
שרייבר מאיר
שרייבר שפרה וילדיה
שרייבר יצחק ואשתו
שרייבר מרדכי ומשפחתו
שרייבר שיינדיל
שרייבר מרדכי בן דוד
שרייבר יוסף בן דוד
שרייבר מלכה בת דוד
ומשפחתם
שרייבר איידל

## א

אבענט
אדלער
איזן
איזנמיאר
אחגר
אייכלר
אייכבוים

## ב

בארג
בארער
בוימעהל
בוכהולץ
בוכמן
בוקסבוים
בינענפעלד
בלוישטיין
בלום
בלומנברג
בלז
ברלנדשטיין
ברענר

## ג

גבירצמן
גולדשטיין
גולדברג
גוטמן
גליצמן
גלנצר
גלר
גץ
גרמן
גרינר
גרינברג
גרשטנפעלד

## ד

דונהירש
דילר
דיין
דרוקר
דריימן

## ה

הופמן
הורביץ
הוך
הולנדר
הירשל
הלברשטם
הלמן
האמר
הרצברג

## ו

ווארנברג
וולף
וורצל
ווגנר
ווייס
וויניג
ווייסברג
וויצנבליט
ווינטר
ווינט
ווינשטיין
ווינברג
ווינטרויב
וולצר
וועבער
ווקסמן

## ז

זאלצברג
זאץ
זוירמן
זטלר
זיגל
זילבר
זילביגר
זייטלר
זינגר
זמלער
זפנזידר

## ח

חן

## ט

טברסקי
טויבנבלט
טורנהים
טייכר
טמער
טננבוים
טנצר
טעפער
טרכטנברג
טרנער

## י

יארבלום
יארובלביץ
יוסט

## כ

כץ

## ל

לוי
ליבק
ליבס
ליברמן
ליכטנפלד
ליימזידר
ליפרמן
למפל
לנגנטל
לנגנטל-ווינטר
לעבל
לעבנברון
לרר

## מ

מאגר
מארקדורף
מנדל
מענש
מעס
מרגוליות

## נ

ניצן
ניימן
ניידורף

## ס

סופר
סרבער
סקופ

## ע

עבל
עבנר
עדלמן
ענזער
ענטראטור
ערדמן

## פ

פאנד
פוטשער
פוקס
פויגל
פורמן
פידלר
פינדלינג
פישלר
פליישר
פעדר
פערסטר
פרידמן
פרידברג
פרנקל
פרלמן
פרלמוטר
פרבער
פשדבורסקי

## צ

צווירן
ציגלר
צייגר
צימרמן

## ק

קאצבך
קובלר
קוכמן
קופרמן
קופרשמיד
קופרשטוק
קורן
קויפמן
קורשנר
קירשנפלד
קלאפר
קניג
קניגסברג
קנפ
קסלער
קרנער
קרנגל

## ר

רבפוגל
רוט
רוטר
רויזנבוים
רוזנבליט
רוזנשטאק
רוזנזאפט
רובין
ריפ
ריכטר
רייכנבך
רייס
ראפפורט

## ש

שוסטר
שוורץ
שוועבר
שוורצברנד
שולמן
שטוקהמר
שטיינברג
שטיינברוך
שטאם
שטורך
שטראמר
שטרקמן
שטערנליכט
שטריגלר
שכטר
שלאגר
שלאף
שמוקלר
שמיד
שניצר
שנידר
שענבלום
שפיגל
שפירגל
שפריצר
שרגעל
שריבר
שרשבסקי

# תוכן העניינים

# רשימת התמונות

